# די פרוי אין קייטען

ראמאן

פון

סאַראַה ב. סמיטה



ארויסגעגעבען פון
פערלאג „ליטעראטור“
1919

# דער ערשטער בּלאָק.



אַסטיג האָט זי אַראָפּגעלאָזט דאָס קליינע קינד פון איהרע אָרעמס, מיט איין האַנט האָט זי איהר צערט־ליך צוגעדעקט און אין דער אַנדערער האָט זי הויך געהאַלטען דעם דיקען קאָנווערט וואָס דער בריעף־טרעגער האָט איהר ערשט דערלאַנגט.

דאָס פיער־יעהריג אינגעלע האָט מיט געוואַלד געריסען דעם בריעף פון איהר האַנט, און זי האָט נאָך העכער געהויבען די האַנט. ער האָט זיך צעוויינט: „גיב מיר, גיב מיר די סטעמפּס!“

און פרידא גילבערט, וועמעס אויסגעאַרבייטע הענט האָבען איצט שטאַרק געציטערט, און וועמעס האַרץ האָט הויך געקלאַפּט, איהר פּנים איז געווען בלאַס פון גרויס נייגעריגקייט, האָט גע־מוזט קאָנטראָלירען איהר נייגירדע. און מיט דעם געדולד פון אַ מוטער, גענומען פאָרזיכטיג רייסען די סטעמפּס און געבען דעם קינד.

ענדליך איז דאָס אינגעלע געווען צופריעדען, און זי האָט שנעל אויפגעריסען דעם בריעף.

פון צווישען דעם היבשען פּעקעל געדיכט־אָנגעשריבענע בלעט־לאַך איז אין איהר שויס אַריינגעפאַלען אַ בויגען גרוי פּאַפּיער:

„מיין ליעבע פרידא שערמאַן־גילבערט !

עס האָט מיר אַ היבש ביסעל צייט גענומען ביז איך האָב זיך דערמאָהנט, ווער עס איז פרידא גילבערט, איהר זעהט, איך געדענק אייך נאָך אַלץ, אַלס די זעהר ליעבע מיס שערמאַן !

„אָבער אַזוי שנעל, ווי איך האָב זיך דערמאַנט, האָב איך באַלד איבערגעלעזען אייער מאַנוסקריפּט, דעם מאָל בין איך ניט

געוועזן נאַכלעסיג, און עס פאַרשטופּט ערגעץ אין אַ לעדעל פון מיין שרייב טיש, ווי איך טו מיט אַנדערע, וואָס דאַרפען וואַרטען אויף מיין ענטפער עטליכע מאָנאַטען (איך שעהם זיך).

„עס איז מיר זעהר לייד, אָבער איך בין געצוואונגען אייך די ערצעהלונג צוריקצושיקען. די אידעע, דער מאַטעריאַל איז זעהר, זעהר גוט, אַ ב ע ר עס פעהלט אין דעם לעבען! עס פעהלט דאָס אמת'ע ריהרענדע, באַוועגענדע לעבען.

„און איך פאַרשטעה אייך ניט, מיין זעהר ליעבע פרידא, וואָס האָט איהר געטאָן די אַלע פינף יאָהר, זייט איך האָב אייך ניט געזעהן? איהר וועלכע זייט געווען אַזוי שאַרפזיניג, מיט אַזאַ קלאָהרען בליק אויף דעם לעבען, איהר וועלכע האָט געקענט ריידען אַזוי אינטערעסאַנט, שרייבט אַן אַ וויכטיגע זאַך, פול מיט טויטע מענשען, וועלכע שלעפּערען אונז איין.

„הערט קינד, איך בין שטאַרק ענטוישט. אין יענע יאָהרען, ווען איך פלעג מיט אייך אָפט ריידען, בין איך געווען זיכער, אַז ווען איהר, מיט אייער קלאָהרען בליק אויף דעם לעבען וועט אַמאָל עפּעס אַנשרייבען, וועט עס זיין זעהר אַ גוטע זאַך, טאָ וואו איז אַט דער קלאָהרער בליק איצט? האָט דאָס גרויסע גליק פון אייער פערהייראַטען לעבען אַט דעם שאַרפען בליק פערלאָשען?

„איך ווייס איצט ניט קיין זאַך וועגען אייך, אָבער אויב איהר האָט צייט און זיינט ניט פויל, שרייבט איבער די ערצעהלונג, טוט דאָס עטליכע מאָל, און איך בין זיכער, אַז אייער אַמאָליגער שאַרפזין וועט זיך מוזען אין דעם באַווייזען.

„אָבער אויב איהר באַנויטיגט זיך זעהר אין דעם געלד, שיקט עס מיר צוריק, וועל איך דאָס אויסבעסערען און זעהן, אַז מיין זשורנאַל זאָל דאָס קויפען פון אייך, און אייך גוט באַצאָהלען.

„זייט ניט פרעמד און שרייבט מיר אַן אויספיהרליכען בריעף וועגען אייך און אייער איצטיגע לאַגע. אייער אַלטער פריינד.

הערלאַד ל. וועלמאַן".

מיט אַ ניכטערען בליק האָט פרידא געקוקט אויף דעם דיקען פּעקעל געדיכט־אָנגעשריעבענע בלעטלאַך, וואָס זי האָט איצט

ארויסגענומען פון קאָנווערט, איהר אייגענע האַנטשריפט, און איהרע ליפּען האָבען געשעפּטשעט: „איך האָב עס געוואוסט“.

און ווען זי האָט דאָס צווייטע מאָל געלעזען דעם בריעף האָט זי יעדעס מאָל א קורצען, ביטערען לאַך געטאָן, צום ביישפּיעל וואו ער שרייבט: „וואָס האָט איהר געטאָן די אַלע פינף יאָהר זייט איך האָב אייך ניט געזעהן?“

„גאָט מיינער, וואָס האָב איך געטאָן?!“ טראַכט פרידא מיט אזוי פיעל ביטערקייט. „איך האָב געקאָכט פריהשטיק, מיטאָג און נאַכטמאָל, געוואַשען געשיער, פאַררייכט זאָקען, געוואַשען ווינדעלאַך, גענעהט קליידעלאַך, געבאָדען די קינדער, געפּפלעגט זיי דורך שווערע קראַנקהייטען, געריייניגט דאָס הויז, זעלטען צופרידענגעשטעלט אַן אַנגעבלאָזענעם מאַן, קאָנטראָלירט מיינע נערוועז ביז זיי זיינען געוואָרען פאַרהאַרטעוועט ווי אייזען, ביז ב'האָב פאַרגעסען אַלעס! אַך, ליעבער פריינד! ווען איך זאָל אייך אָנשרייבען אַלעס, וואָס א י ך האָב אין די פינף יאָהר געטאָן, דאַן וואָלט איהר געזעהן לעבען, דיהרענדעס לעבען, ווי עס איז אין דער ווירקליכקייט!“

דאָס קליינע קינד אויף דעם דיוואַן האָט זיך צוואויינט, מיט אַ פערשטיקט געוויין, און ווען פרידא איז א דערשראָקענע צוגעלאָפען, האָט דאָס קינד געהאַט א גרויס שטיק דעק אין מויל.

זי האָט דאָס מיידעלע איינגעשטילט, א בליק געוואָרפען אויף איהר זוהן, ווי ער שפּיעלט זיך מיט די פּאָסט־מאַרקען, וויעדער אויפגעהויבען דעם גרויען בריעף און זיך וויעדער פאַרטיעפט אין איהרע געדאַנקען.

ניט ווילענדיג האָט זי גענומען פאַרגלייכען וואָס די לעצטע פינף יאָהר האָבען געטאָן פאַר איהר לעבען, און וואָס פאַר אַנדערע פריינד און באַקאַנטע.

צום ביישפּיעל, איהר אַלטער פריינד וועלמאַן: ווען פרידא איז געווען די סעקרעטערין פון דעם רעדאַקטאָר ג. — איז וועלמאַן געווען א זעהר אונטערדריקטער שרייבער, מען האָט איהם דאַן ניט פאַרשטאַנען, מען האָט געלאַכט פון זיינע קוריאָזע אידעען, פון

זיינע אפגעטראגענע קליידער, און פון זיינע ערצעהלונגען. פרידא האט איהם זעהר געעהרט און מיט איהם גרויס מיטלייד געהאט, און צווישען דעם עלטערען מאן און דעם יונגען מיידעל האט זיך ענטוויקעלט א ווארעמע פריינדשאפט. שפעטער האט וועלמאן אנ־געשריבען א געוויסע זאך, עס איז שטארק געפעלען געווארען א געוויסען פאבלישער, ער האט באקומען א באריהמטען נאמען, און איצט איז ער דער רעדאקטאר פון א זעהר פיינעם זשורנאל.

ווער נאך ? העלען רעלניק, פרידא'ס אמאליגע בעסטע פריינ־דין, איז איצט א זעהר פאפולערע שרייבערין. און דער צייכנער מ.. אלע פלענער פון איהם לאכען, פרידא פלעגט איהם יעדע וואך לייהען א דאלאר, ביז „פעי־דעי". אמאל איהם קויפען א גלאז קאווע און מיט איהם גרויס רחמנות האבען, זיינע צייכנונגען דרוקען זיך איצט אין די בעסטע זשורנאלען !

און נאך, און נאך, ערשיינען זיי איצט, אט די ערפאלגרייכע פריינד פאר פרידא'ס אויגען, זיי שיינען זיך צו רייצען מיט איהר: „וואס האסטו געטאן , וואס, קלוגע מיידעלע ?"

און פרידא דערשרעקט זיך, עס זיינען איהר אומבאקאנט אט די רעבעלירענדע געפיהלען, וועלכע זי האט שוין לאנג, לאנג איינ־געשלעפערט. עס דאכט זי איהר אויס, אז זי הערט דעם רוף פון א גלאק, און זי ווערט דערציטערט.

---

## דער אמת און די מאסקע.

שפעט יענע נאכט, נאך דעם ווי פרידא האט צוריקגעקראגען איהר מאנוסקריפט איז זי נאך געזעסען אין קיך ביים טיש, מיט דעם קאפ פארלייגט אויף ביידע הענט און געטראכט.

זי איז געווען זעהר מיעד, עס האט זיך איהר אויסגעוויזען אז זי הערט נאך דאס רחמנות'דיגע געוויין פון איהר קליין מיידעלע וועלכע „מאכט" א נייע צייהנדעלע, און וועלכע איז דעם גאנצען טאג געווען זעהר אומרוהיג.

ביידע קינדער און איהר מאן האבען איצט געשלאפען און דאס שווערע אטעמען פון מאן האט זיך געהערט ביז אהער אין קיך.

אויף דעם ריינעם טישטוך פאר פרידא'ס אויגען איז געלעגען, א פריש אנגעשריבענער בריעף אויף וועלכען די טינט איז נאך גע־וועז נאס. און מיט קאלטע, שטודירענדע בליקען האט איצט פריי־דא געקוקט אויף דעם בריעף. קאלט און שטודירענד איז געווען איהר גאנצע שטימונג איצט. אין די לעצטע עטליכע יאהר פון שווערע ארבייט — טאג־איין־טאג־אויס, די זעלבע ארבייט — האט זיך פרידא אויסגעלערנט צו פארגעסען איהרע „נערוועז", פארגע־סען שטימונגען, זי האט זי אויסגעלערנט ווי צו זיין פינקטליך ווי א זייגער, און שטענדיג „אויפ'ן דזשאב".

און דער נאקעטער אמת איז געווען באשריבען אין דעם בריעף וואס איז איצט געלעגען פאר איהר:

„זעהר געערטער פריינד!

„איהר ווילט וויסען פארוואס אין מיין ערצעהלונג פעהלט לע־בען? איך וועל אייך דערצעהלען פארוואס: ווייל מיר פעהלט אויך לעבען, ווייל מיינע גאלדענע אויסזיכטען פון פארהייראטען לעבען זיינען ניט פארווירקליכט געווארען, און אלעס וואס האט אמאל אין מיר געלעבט איז איצט טויט. אויב שווערע ארבייט און א סך, א סך צרות הייסט לעבען, דאן האב איך געלעבט, אבער צו באשרייבען אזא לעבען אין אן ערצעהלונג וועט ניט זיין קיין גוטע טעמא, און איך וועל ניט קענען האלטען מיינע לעזער פאראינטער־רעסירט, וועגען אזוי וואס איז ניט אנגענעהם צו לעזען.

„און ווי עס שיינט בין איך שוין איצט ניט פעהיג צו שרייבען וועגען אנדערע זאכען, ווי צום ביישפיעל וועגען ליעבע; — ליעבע איז מיר שוין איצט, נאך פינף יאהר פארהייראטען לעבען, אזוי פרעמד, אז אפט דאכט זיך מיר אויס, די ליעבע לעבט בלויז אין דער אילוזיע פון פאר'חלום'טע מיידלעך.

„ענטשולדיגט מיר, אבער איך געדענק נאך גוט אייער סימפא־טיע צו די אונטערדריקטע, און דאריבער וועל איך מיט אייך זיין זעהר אפענהערציג, און אויך רעדען וועגען זעהר וואכעדיגע זאכען:

„איהר ווילט וויסען וואס האב איך געטאן די לעצטע פינף יאהר? טא הערט:

„איך האב ניט געטאן קיין זאך וואס זאל מיך אונטערשיידען פון דער דורכשניטליכער פרוי. איך האב חתונה געהאט, זיך אביסעל פארלוירען אין דעם ערשטען פלאם פון ליידענשאפט וואס מיר רופען געוועהנליך ליעבע, און אין א זעהר קורצער צייט איז געבוירען מיין זוהן.

איך קען ניט זאגען, יענע צייטען האבען אין זיך ענטהאלטען א סך גליקליכע שטונדען, אבער בלויז שטונדען... איך האב געוואוינט אין א טענעמענט־הויז אין דריי רומס, איך האב אליין געמאכט דאס פייער אין אויווען, פערשמירט מיינע ווייסע הענט, מיט די אפגעהיטע נעגעל, מיט אש און קוילען, געווען אפט קראנק, אליין געוואשען, געביגעלט, גערייניגט דאס הויז און געקאכט.

„אבער דאן בין איך געווען פול מיט האפנונגען, אז דאס קינד וועט ווערען אביסעלע עלטער, וועל איך עם לאזען מיט מיין מוטער און איך וועל זיך נעהמען ענטוויקלען, פארפארטיגען זיך צו דער קאריערע וואס מיין הארץ האט אימער געצויגען — און מיין מאן איז דאן געווען מיין בעסטער פריינד, מיין טייערסטער חבר, צוזאמען האבען מיר גע'חלום'ט, און געפלאנט.

„אבער זייט דאן האט זיך אלעס געביטען, צום ביישפיעל: איצט וואוין איך שוין מעהר ניט אין א טענעמענט הויז וואו איך פארשמיר מיינע הענט מיט קוילען און אש, נייז איצט וואוין איך אין אן „אפארטמענט" הויז, וואו אלעס איז נארישער פוץ און ליגען פון אויסווייניג — אינעווייניג פריהרט מען נעבען די קאלטע סטיעם פאיפס, די מעהרסטע פרויען קויפען דעם מאנ'ס נאכטמאל אין דעליקאטעסען סטאר, שמירען זייערע באקען מיט פאלשע פארבען, זאגען א סך ליגען, און ווערען זעהר אפט פארגעטערט פון זייערע מענער. איך, איך קאך גוט עסען יעדען טאג, און באקום דערפאר אמאל א בורטשע, זעלטען א גוט, פריינדליך ווארט פון מיין מאן. ער האט זי געביטען גראדע אזוי ווי אונזער וואוינונג, איצט איז ער א ביזנעס־מאן מיט זעהר גרויסע פאראנטווארטליכ־

קיימען, איך און די צוויי קינדער זיינען א שווערע לאסט אויף זיינע פלייצעס, און געהט עפעס ניט גוט אין געשעפט דארף איך כמעט אימער ליידען דערפאר. איך ארבייט זעהר שווער, די קינדער זיי־נען זעלטען געזונט, דאקטוירים קאסטען א סך געלד, און דאס נאַ־טירליך פארביטערט מיין מאן אויף זעהר פיעל. געלד האב איך ניט, נאר וואס ער גיט מיר, און ער גיט מיר ווייניג, ווייל די גע־שעפטען זיינען שלעכט. דענקען דענק איך ניט, ווייל איך שרעק זיך פאר מיינע געדאנקען. און אמאל אין אווענד ווען איך בין אזוי שטארק מיעד פון וואשען די ווינדעלאך, אז איך קען ניט אויס־גראדען מיין רוקען, און אין אזא שטונדע, אז איך דערמאן מיך וואס איך האב געוואָלט זיין און וואס עס איז פון מיר געווארען ווייל איך, וויל איך —

„און אט אין אזא פארצוויפעלטער שטונדע. האב איך אנ־געשריבען יענע ערצעהלונג, און געשריבען האב איך דאס מיט דעם אבזיכט צו פארדינען דאס געלד. איך וואלט אזוי געוואלט האבען א י י ג ע ן געלד, עטליכע דאלאר א חודש מיט וועלכע איך זאל קענען טאן וואס איך וויל ! פארשטעהט איהר מיך ליעבער פריינד? אויב יא טא העלפט מיר, איך שיק אייך צוריק די ערצעהלונג.

מיט העפליכען גרוס,
פרידא גילבערט.“

דאס פערטע מאל האט זי איבערגעלעזען דעם בריעף, זיך ביי־טער צולאכט, לאנגזאם, מיט פארביסענע ליפען האט זי גענומען רייסען די בויגעלאך אנגעשריבען פאפיר אויף קליינע שטיקלאך, און מיעד פארלייגטביידע הענט אין דער שוים.

ערגעץ ווייט האט א זייגער געשלאגען צוויי, דאס האט איהר אויפגעוועקט צו דער ווירקליכקייט; איידער זי וועט זיך צייט האבען אויסצושלאפען אויף איין זייט, וועט שוין דאס קינד בעט־טען עסען, וויינען מיט דעם קראנקען געוויין צו וועלכען פרידא קען זיך נאך איצט ניט צוגעוויהנען.

שנעל, געשעפטסמעסיג האט זי גענומען שרייבען :

„זעהר געערטער פריינד !

„עס איז מיר זעהר לייד, וואס איך האב אייך באלעסטיגט מיט דעם לעזען פון מיין נארישער ערצעהלונג. איך האב דאס געשריבען אונטער דעם דראנג פון א בעגייסטערטער מינוט, ווען עס האט זיך מיר פארוואלט ווערען א שרייבעריז אנשטאט א גליקליכע פרוי און מוטער.

„איך פארזיכער אייך איך בין זעהר גליקליך און איך דאנק אייך זעהר פאר אייער אינטערעס.

פרידא גילבערט.“

און דעם לעצטען בריעף האט זי אוועקגעשיקט.

---

## לוינט זיך עס ?

די לעצטע עטליכע טעג זינט פרידא האט אנגעשריבען דעם נאקעטען אמת וועגען איהר פארהייראט לעבען אויף פאפיר, האט זי אויף אלעמען געמומען קוקען מיט אנדערע אויגען. אמת, זי האט דעם בריעף נים אוועקגעשיקט, זי האט איהם צוריסען און אנשטאט איהם געשיקט א שעהנעם ליגען, אבער געטראכט האט זי זעהר פיעל וועגען דעם.

צום ביישפיעל, ווען זי האט געוואשען ווינדעלאך און די שאר־פע זייף האט צוגעסען די הויט פון איהרע הענט, זיי געמאכט רויט און וועהעדיג, האט זי זיך געפרעגט : „לוינט זיך דאס ?“

און אז דאס קינד האט איהר א גאנצע נאכט נים געלאזט שלא־פען און דער פריהמארגען האט זי געטראפען מיט רויטע אויגען און מיט מידע, צובראכענע ארעמס, האט ווידער די פראגע „לוינט זיך עס ?“ אנגעקלאפט אין דעם פארבארגענעם קעסטעלע פון איהר מוח.

ווען עס האט זי געהאנדעלט וועגען די קינדער און זי האט זיך געפרעגט די פראגע, האט זי זיך געוועהנליך פארשעהמט. די קינדער זיינען איהר געווען אזוי טייער, און א גלעט פון א י י ן

ווארעם הענטעלע האט איהר באצאהלט פאר אלע ליידען, און פאר א ווייל׳ע איינגעשטילט די שטורמדיגע געדאנקען.

אבער זעהר אפט האט די פראגע „לוינט זיך עס ?" זי איצט געפלאגט, ווען עס האט זיך געהאנדעלט וועגען איהר מאן.

דאס מינדסטע ווארט האט זי אויפגערעגט. זאכען און טאטען, וועלכע זי האט פריהער ניט באמערקט, אדער געמאכט זיך ניט זעהענדיג, האבען איהר איצט שטארק פארדראסען און גערייצט.

איהר מאן איז כמעט יעדע נאכט געקומען שפעט צוליעב גע־שעפטען, און א סך מאל נאך צעהן א זייגער האט זי געמוזט דע־קען דעם טיש און געבען נאכטמאל, און מיט א שטונדע שפעטער וואשען דאס געשיר.

היינט נאכט האט איהר שטארק פארדראסען אויף איהם. זיין ארבייט איז אין אן אפיס, פיזיש שטרענגט ער זיך ניט זעהר שטארק אן, ער ווייסט גוט, ווי שווער זי ארבייט דעם גאנצען טאג, און דאך לאזט ער זיך אזוי שפעט ביינאכט פון איהר באדיענען.

אין זיך האט זי גענומען פראטעסטירען; זי האט זיך פאר־געשטעלט, ווי זי ערקלערט א סטרייק, ענטזאגט זיך איהם צו בא־דיענען אזוי שפעט ביינאכט, ענטזאגט זיך איבערהויפט צו שלעפען דעם שווערען וואגען, און זי האט געזעהען די ערשטוינונג אויף זיין פנים; זי האט געהערט זיינע פראגעס: „גיב איך דיר דען ניט אלעס ? האסטו דען ניט א וואש־פרוי ? איז עס מיין שולד, אז עס איז איצט שווער צו באקומען א דיענסט ? דו האסט ניט קיין סיסטעם, דאריבער דארפסטו אזוי שווער ארבייטען !"

אה, זי איז גוט באקאנט מיט זיין ענטפער ! וואס ווייסט ער דען וועגען דעם אומענדליך לאנגען און שווערען טאג מיט די קינ־דער ? וואס ווייסט ער וועגען זייערע טויזענדע פארלאנגען, וועל־כע זי מוז ערפיהלען ? וואס וויים ער וועגען דער וואש פרוי, וועלכע קומט איין מאל אין א וואך, וויל גאר פון קיין ווינדעלאך ניט הערען, און ווינדעלאך דארף מען דאך וואשען יעדען טאג, — וואס ווייסט ער ? וואס ?

און ווישענדיג די טעלער דערמאָנט זי זיך אָן די ערשטע מאָ־נאטען נאָך זייער חתונה: דאָן פלעגט ער איהר העלפען ווישען די טעלער; ווי קאָמיש ער האָט אויסגעזעהן אין איהר בלאָהען פארטוך און ווי ער פלעגט זיך דאָן וויצלען! דאָן איז די אַרבייט נים געווען שווער.

דאן פלעגט ער קומען פריה: שבת האָט ער איהר אהיים גע־בראכט זיין געהאלט; צוזאמען האבען זיי באַשטימט וויפיעל געלט אויסצוגעבען אויף דעם, וויפיעל אויף יענעם; צוזאמען זיינען זיי געגאַנגען אין טעאטער איין מאָל א וואָך, און איין מאָל אין א חודש אין דער אָפּערא.

ווי גליקליך זי פלעגט דאן זיין! ווי זי פלעגט ווארטען אויף איהם אין יענע טעג! זיך שעהן אָנטאָן און זיך צוהערען צו זיינע קאָמפּלימענטען וועגען איהרע אויגען, האר, שעהנע הויט, און אין טאָש האָט ער אימער געהאט עטליבע צוקערקעס, בלויז עטליבע, אבער גוטע, יענע, וועלבע זי האָט ליעב.

אז זי איז איצט צוריק אריינגעקומען אין עס־צימער איז ער געווען פארטיעפט אין רעבענונגען.

פרידא האָט געפּרובט לעזען די צייטונג, אבער די ווערטער זיינען צוזאמענגעשוואומען פאר איהרע מיעדע אויגען.

עס איז איהר געווארען זעהר אומעטיג: זי האָט זיך שטיל אויפגעהויבען, איז צוגעגאַנגען צו איהר מאַן, צערטליך ארויפגע־לייגט א האנט אויף זיין אָנגעבויגענעם רוקען און שטיל געפרעגט:

— וואָס רעבענסטו, עדי?

ער האָט ניט געענטפערט.

— קען איך דיר פילייכט העלפען? — האָט זי עטליבע מי־נוט שפּעטער ווידער געפרעגט.

— יא, דו קענסט מיר העלפען; קרעבצען קענסטו מיר העל־פען; אז זיי ווילען די סחורה פאר גאָרניט! — האָט ער ביין אויסגעשריען, אראָפּגעוואָרפען איהר האנט פון זיין פּלייצע און אומגעדולדיג גענומען ארומשפּאנען איבער'ן צימער.

פרידא האָט זיך אוועקגעזעצט.

— די קאנקורענץ איז אזוי גרויס, אז מען וועט ניט קענען מאַכען א סענט דעם סעזאָן, — האָט ער אויפגערעגט געזאָגט, — די פּרייזען פון מאטעריאל שטייגען ביז'ן הימעל, ארבייטער איז שווער צו קריגען, און אויף דער פארטיגער סחורה לאָזען זיי א סענט ניט פארדינען. ווען אין הויז וואלט כאָטש געווען אנגענעהם, איז ווען איך קום, רעדסטו זיך אָפּ, קרעכצסט, ביזט שלעפעריג, אזוי ווי איך וואלט דיר שולדיג געווען די וועלט; גאָט ווייסט, איך טו געוונג!

פרידא האָט ניט געענטפערט, א ווײַלע שפּעטער האָט זי געפרעגט:

— וואו האָסטו היינט מיטאָג געגעסען?!

— אין ר.'ס קאסינאָ. איך זאָג דיר, זיי קענען קאָכען! א פיינעם מיטאָג באַקומט מען דאָרט. איך בין געגאַנגען מיט א באיער.

און פרידא האָט איהם אזוי שטארק מקנא געווען. זי האָט זיך דערמאָנט, אלס מיידעל, ווען זי האָט געארבייט און גוט פארדינט, פלעגט זי אויך אמאל ארייננגעהן אהין אָפּעסען. זי האָט באטראכט איהר מאַן: מעג ער האָבען וויפיעל געשעפטס-צרות, איז דאָך זיין לעבען מעהר אינטערעסאנט ווי איהרער. אין זיין ערגסטען טאָג ארבייט האָט ער דאָך א שטיקעל צעשטרייאונג.

שפּעטער מיט א האלבע שטונדע, ווען זיי זיינען שוין געלעגען אין בעט, ער מיט'ן פּנים אויסגעדרעהט צו דער וואַנט, האָט הויך געשנאָרכט, און זי האָט געטראַכט:

— איז דער „באיער" געווען א מאַן, אדער א פרוי? נאָט מיינער, לוינט זיך עס? לוינט איך עס?

# א גרויער פריה מאָרגען.

פרידא'ס גאנצער קערפּער האט איצט געציטערט. מיט מיע־דע באוועגונגען האט זי אנגעטהאן דעם לאנגען מאנטעל אויף איהר נאכט־קלייד, איז א ווארעמער דעק איינגעהילט איהרע שטא־רע פיס, און זעהר מיעד אראפּגעזונקען אין דעם טיעפען שטוהל ביים פענסטער.

די פיס האט זי ארויפגעלעגט אויף א צווייטען שטוהל, פאר־מאכט די אויגען און אזוי געזעסען א ווילע.

זי האט געפּרובט שלאפען, אבער דער שלאף איז ניט געקומען. אט דער גוטער, דערוויילינער אבלייזער פון אלע צרות, דער העד שלאף, לאזט זיך געוועהנליך שטארק בעטען, און א סך מאל ענט־זאגט ער זיך אין גאנצען צו קומען ווען מען באנויטיגט זיך אין איהם אמבעסטען.

ניט ווילענדיג האט פרידא גענומען איבערלעגען די פּאסי־רונגען פון די לעצטע עטליכע שטונדען, און טראצדעם וואס איהר קערפּער איז שוין איצט געווען אנגעווארעמט איז דאך א ציטער אריבערגעלאפען איבער איהר לייב.

נאך פריה איז אווענד איז געקומען איהר מאנ'ס יונגע שוועס־טער, וועלכע געהט נאך איין האי־סקוהל, אין דעם דריטען נייעם הוט דעם סעזאן. פרידא האט זי אנגע'מוסר'ט דערפאר, און יענע האט זיך צולאכט און לייכט געזאגט.

— די געלד אויף דעם הוט האט מיר עדי געגעבען, אז מ'האט א ברודער מיט טשעקס, קען מען האבען א נייעם הוט.

פרידא'ן האט די לעצטע באמערקונג א ביסעל פארדראסען, ניט ווייל איהר מאן האט געגעבען זיין שוועסטערעל די געלד פאר א הוט, ניין זי האט גוט געוואוסט, אז ער איז זעהר גוט צו זיינע עלטערן און שוועסטער, אמאל צו גוט, עס האט איהר פארדראסען אויף זיך אליין. אליין געהט זי שוין א הוט עטליכע חדשים, אנ־דערע טראגען שוין לאנג שטרוי העטס, און זי טראגט נאך אלץ

די פוטערנע קאפע, וואס זי האט אליין איבערגעמאכט פון א פאר־א־יאהריגען הוט, און איהר מאן באמערקט דאס אפילו ניט! זי האט ניט געוואלט רעדען וועגען א נייעם הוט, ווייל ער רעדט שטענדיג וועגען שלעכטע געשעפטען, און צו זיי, צו זיין משפחה, איז ער אזוי פריי מיט געלד.

אין צוויי שטונדען שפעטער, טראכטענדיג וועגען איהר שוועגערינס נייעם הוט, האט פרידא מוטהיג געזאגט צו איהר מאן:

— עדי, מארגען איז ווילי'ס געבורטסטאג, כ'האב באמערקט ער האט ניט קיין גלאווס א גאנצען ווינטער, גיב מיר צוויי דאלאר, איך וויל איהם שיקען א פאר גלאווס.

איהר מאן האט אפילו ניט ארויפגעקוקט פון זיין צייטונג. און אביסעל שפעטער ווען זי האט איהם ווידער דערמאנט, האט ער בייז געפרעגט:

— און דיין עלטערער ברודער, ער קען איהם ניט קויפען א פאר גלאווס?!

— ער האלט איהם גענוג אויס.

— ווער הייסט איהם? א באי פון זעכצעהן קען שוין געהן ארבייטען, עס הייסטאיהם אימיצער מאכען א דאקטאר פון איהם?

און אז פרידא האט פארביסען די ליפען און געשוויגען האט ער געפרעגט:

— וואס עפעס קומסטו צו מיר מיט יעדער נארישקייט אמאל דאכט זיך פלעגסטו צו אלעמען אליין אטענדען.

— אמאל האט דאס לעבען ניט געקאסט אזוי פיעל פלעגט מיר בלייבען —

— אהא, געהסט שוין רעדען וועגען יקרות? — האט ער זי גראב איבערגעשלאגען — קיין אנדערע זאך הערט מען ניט די צייטען, האסט זיך אפנים אויסגעלערנט פון די צייטונגען, זיי האבען אויך ניט וואס צו שרייבען רעדען זיי נאר פון יקרות. וואס לעזטו נים אמאל א בוך? דיין גאנצער גייסטיגער געשפרעך די לעצטע צייטען איז דער פרייז פון פאטייטאס, פון אייער, פון ציבעלעס, און פון צוקער־מאנגעל. די טשיקען איז ביינערדיג און

עס קאסט אזוי פיעל, און דאס פלייש איז לוימער פעטס, גלויב מיר פרידא איך ווער מיעד פון אזעלכע רייד!

פון איהר גאנצער אויפרעגונג האט זיך איצט פרידא'ן זעהר געוואלט צולאכען, לאכען מיט א הויך בימער געלעכטער, קלאפען מיט די פויסטען אין טיש, און שרייען, שרייען אזוי הויך, אז עס זאל זיך הערען ביז אין הימעל; שרייען: „דו נאר! דו ביזט אזוי וויים פון מיר! איך האב דיר פיינט, איך האב דיר פיינט!

איהם דערצעהלען וועגען איהר פלאגעניש, ווי שווער זי קומט אוים די לעצטע צייטען מיט דעם געהאלט וואס ער האט ניט געהעכערט טראץ דעם וואס דאס לעבענס-מיטעל איז גע-לעבסט דאך נאר ווי א בארדער דא!" זיינען שוין געוועזן אויף איהרע ליפען, ווען זי האט באשלאסען בעסער צו שווייגען.

פרידא איז געוועזן זעהר א שטאלצע און דאריבער האט זי איהר מאן א סך פארשוויגען, זי האט פיינט געהאט סצענעס, און ער האט איהר שווייגען אויסגעטייטשט, אז ער איז גערעכט, און אזוי ניט פארשטעהענדיג איינער דעם צווייטען האבען זיי זיך יעדען טאג מעהר דערווייטערט.

א ביסעל שפעטער האט ער אנגעשריבען א טשעק פאר צוויי דאלאר און צוגעטראגען צו איהר. זי האט געהאלטען דאס קליינע ווארען צוויי מאל די פריהערדיגע פרייז, און די ווערטער: „דו קינד אויף איין האנד, מיט דער צווייטער האט זי דעם טשעק אוועק-געשטופט.

און ער האט איהר דערלאנגט א קניפ אין באק און שמייכ-לענדיג געפרעגט: „נו, וואס בייזערסט זיך? דיין מאן איז ניט קיין מיליאנער.

און מיט דעם האט זיך פאר איהם געענדיגט די גאנצע פראַ-גע. אבער אנדערש איז געוועזן ביי פרידא'ן אין הארצען, דארט האט זיך שוין צונויפגעקליבען א סך, א סך אזעלכע און עהנליכע באליידיגונגען און אז זי האט זיך שפעטער אריינגעלעגט אין בעט האט זי נאך אלץ געטראכט וועגען דעם, און געדאנקען וועגען א

ווען ארויס פון דעם אלעם האבען זיך אריינגע׳גנב׳עט אין איהר מוח.

גראדע דאן האט ער זי ארומגענומען און מיט געוואלד גע־שלעפט איהר קאפ אויף זיין ברוסט.

פרידא׳ס הארץ האט זעהר הויך גענומען קלאפען, זי האט זיך שטארק דערשראקען פאר זיין ארומנעהמען. די לעצטע עטליכע יאהר זייט די לאסט איז אזוי שווער אויף איהרע פלייצעם האט זי זיך איבערהויפט געשראקען פאר זיינע „ליעבעס צערטליכקייד טען... אפט ביינאכט פלעגט זי זיך צונויף ציהען ווי א קנויל אז זי זאל איהם ניט באריהרען, זי זאל איהם חלילה ניט אויף וועקען. זי פלעגט זוכען פארשיעדענע וועגען ווי זיך ארויס צו דרייען פון זיינע אומארמונגען. און א סך מאל שפעט אין אווענד פלעגט זי זוכען עפעס אן אויסרייד זיך צו קריגען מיט איהם, כדי ער זאל איהר דאן פיינט האבען.

זיין ליעבע, זיינע לאסקעס האבען איהר אנגעזאגט וועגען נאך שווערע ארבייט, וועגען נאך אומענדליכער שקלאפעריי, וועגען נאך א בונד צו דעם פערהייראטען לעבען, וועגען נאך א קינד !...

און פרידא פלעגט זיך דערשרעקען. און יענע נאכט האט זי זיך דערשראקען, און גראדע דאן האט איהר צעהן חדשים׳דיג מיידעלע אנגעהויבען צו וויינען, מיט פרייד איז זי ארויסגע־שפרונגען פון בעט. דעם קינד אונטערגעלעגט א טרוקען ווינדעלע, ארויס אין קיך און אנגעווארעמט א פלעשעל מילך, עס געגעבען דעם קינד, עס צוגעדעקט. די גאנצע צייט האט זי געציטערט פון קעלט אבער אין הארץ האט זי זיך געפרייט, געפרייט, אז איהר קינד׳ס געוויין האט זי גערעטעט פון איהר מאנ׳ס זעהר ניט וויל־קאמענע אומארמונגען.

פרידא׳ן האט די לעצטע צייט שטארק געשווידערט פון די פליכ־טען פון פארהייראטען לעבען... ביי זיך אין הארצען האט זי א י ה ר הייראט, און אנדערע ווי איהרע, גערופען א ניט־מארא־לישען, געזעצליכען בונד.

און איצט זיצענדיג ביים פענסטער האט זי זיך געפרייט, אז איהר מאן האט רוהיג געשנארכט ווען זי איז פופצעהן מינוטען שפעטער צוריקגעקומען צום בעט. אבער זי האט מורא געהאט, אז זי וועט איהם אויפוועקען, און דאריבער האט זי זיך אוועק־געזעצט ביים פענסטער.

אין גאס איז געווען זעהר שטיל, פיעל שטילער ווי אין איהר הארץ. דער באגעהר צו באפרייען זיך פון דאס אלעם, ווידער צו ווערען א מענש, איז געווען אזוי שטארק אין איהר, אבער דער וועג איז געווען פעסט פארשלאסען, ביים שלאס זיינען געשטאנען איהרע צוויי קינדער.

די גרויסע, שווערע וועגען, באלאדענט מיט די מילך־קאנען זיינען לאנגזאם געפאהרען איבער דער גאס, און דאס קלאפען פון די קאנען האבען אזוי מאדנע אפגעקלונגען אין דער שטילקייט פון דער נאכט.

פרידא האט זיך געפיהלט שטארק אומעטיג און איינזאם, אלע געשעפטען־פענסטער מיט די אויסגעלאשענע ליכט האבען אויס־געזעהען ווי אזוי פיעל מיעדע מענשען מיט פארמאכטע אויגען.

מיט דעם אנקומען פון דעם גרויען פריה־מארגען האט זי זיך געפיהלט זעהר מיעד, אבער טראץ דער מיעדקייט, האבען זיך נייע, ווייט זעהענדע, ענערגישע געדאנקען גענומען פארמירען אין איהר מיעדען קאפ.

---

## די מוטער.

פארצווייפלונג, און שרעקליכע פארווירפע פאר אלע איהרע רעבעלירענדע געדאנקען אין די לעצטע צייטען האבען איצט צור־ריסען פרידא'ס הארץ.

אויסגעצויגען אויף די שפיץ פינגער, מיט איהר מויל צום רעהרעל פון טעלעפאן איז זי געשטאנען און געווארט אויף דעם

גומער, און די גאנצע צייט געטראכט: דאס שטראפט מיך איצט גאט פאר מיינע געדאנקען וועגען די קינדער, א לאסט האב איך זיי גערופען!

אומגעדולדיג האט זי געקלונגען און געשריען:

„סענטראל, סענטראל!“ ענדליך האט זי געהערט די אנגע־נעהמע, פולע באריטאן שטימע פון דאקטאר: „העלאו, העלאו!“

און זי האט שנעל געזאגט: — דאקטאר דאס איז מרס. גיל־בערט, יא, מרס. עדוואורד גילבערט, באבי פיהלט ניט גוט, א גאנצע נאכט האט ער שווער געאטעמט, און איצט האב איך גענומען זיין טעמפעראטור, ער האט הונדערט און דריי גראד היץ! קומט שנעל דאקטאר! — וואס זאגט איהר? אין זיין העלזעלע? ניין כ'קען ניט אריינקוקען, ער איז זעהר אומרוהיג, קומט איהר בעסער! גוד־באי, קומט שוין, גוד־באי!

א האלבע שטונדע שפעטער האט זי זיך פארצווייפעלט גע־בראכען די הענט און נאכגעפאלגט יעדע באוועגונג פון דאקטאר.

פון דעם זעהר ערנסטען אויסדרוק אויף זיין גוט פנים האט זי באלד געוואוסט, אז איהר קינד איז אין געפאהר. דער דאקטאר האט צערטליך א גלעט געטהאן איהר האנד, זי געבעטען אוועקזעצען זיך און שטיל געזאגט:

— מרס. גילבערט, איהר וועט מוזען זיין שטארק, באבי איז קראנק, כ'האב מורא ס'וועט זיין דיפטעריע —

גאט! — האט איהם פרידא איבערגעשלאגען און איהרע אוי־גען האבען זיך אנגעפילט מיט טרעהרען.

— איך וויים נאך ניט ווי עס וועט זיך ענטוויקלען, אבער דאס בעסטע דענק איך וואלט געווען איהר זאלט איהם אוועקשי־קען אין —

— רעדט צו מיר ניט פון א האספיטאל! איך וועל דאס קיינמאל ניט צולאזען! — האט איהם פרידא ווילד אונטערבראכען.

— גוט, טוט ווי איהר ווילט, אבער פארגעסט ניט דאס אנ־דערע קינד, דיפטעריע איז אנשטעקענד.

פרידא האט געשוויגען און דער דאקטאר האט געפרעגט:

— וועט ניט אייער מוטער נעהמען דאס קינד פאר א ווייל?

— די מאמע? כ'האב מורא זי האט שוין פארגעסען ווי ארומצוגעהן מיט א קליין קינד! — האט פרידא פארצווייפעלט געענטפערט.

— פארגעסען? ניט אייער מוטער, מרס. שערמאן איז אי־מער געווען זעהר א פעהיגע מוטער, איך קען זיך נאך גוט ער־אינערען.

באלד נאך דעם האט זיך דער דאקטאר אפגעזעגענט, איהר געגעבען פארשיעדענע אינסטרוקציאנען, פארשפראכען צו קומען נאך מיטאג און איז אוועק.

פרידא האט זיך ביטער צואויינט, אבער פון איהר פארצוויי־לונג האט זי אויפגעוועקט דאס שטילע קרעכצען פון באבי'ן, איהר פיער יעהריגען אינגעלע, און אט דאס קרעכצען איז איצט געווען פאר פרידא'ן א רוף צום קאמף. אין עטליכע מינוטען איז זי גע־ווארען זעהר געשעפטסמעסיג און שטארק טעטיג אין דעם קאמף פאר איהר קינדס לעבען.

ערשטענס, האט זי טעלעפאנירט צום דראגיסט ער זאל שיקען נאך די רעצעפטען. צווייטענס, האט זי זיך גוט אפגעוואשען די הענט, זיי סטעריליזירט, אנגעטאן א ריין פארטוך, און אזוי צו־געגאנגען צו דעם בעטעלע פון איהר קליין שלאפעדיג מיידעלע, זי צערטליך אויפגעהויבען און אוועקגעטראגען אויף דעם דיוואן פון לעצטען צימער.

דאן האט זי גערופען די מוטער אויף דעם טעלעפאן און איהר אנגעזאגט די גוטע בשורה. די גוטע מאמע האט באלד געוואלט קומען נאך דעם קינד, אבער פרידא האט זי געבעטען ניט צו קומען צו איהר אין הויז, און פארשפראכען דאס קינד אוועקשיקען מיט איהר מאן.

און צולעצט האט זי אפגערופען איהר מאן. נאך דעם ווי זי האט איהם אלעס דערצעהלט איז ער געווארען זעהר אויפגערעגט. באבי איז איהם געווען זעהר טייער, ער האט איהר גענומען בא־

וואַרפען מיט פאַרשיעדענע פראַגעס: האָט זי געלאָזט מאַכען די מעדיצין? רעדט דאָס קינד פון היץ? וועט דער דאָקטאָר באַלד ווידער קומען? און עהנליכעס.

ער האָט צוגעזאָגט באַלד קומען אוועקטראָגען דאָס קליינע קינד, ערשט האָט ער געזאָגט אַז ער איז צו שטאַרק פאַרנומען, אָבער ווען פרידא האָט ניט געקענט איינהאַלטען אַ כליפּע האָט ער זי פאַרזיכערט, אַז ער קומט גלייך, און געזאָגט „גוד־באַי".

איהרע הענט זיינען געוועזען אייז־קאַלט. נאָך דעם געשפּרעך מיט איהר מאַן איז זי געבליבען זיצען מיט אַ מין פּוסט געפיהל.

„ער האָט אפילו ניט דערמאָנט וועגען אַ נוירס". האָט זי אַ טראַכט געטאָן.

און דער געדאַנק האָט זיך איהר צוריקגעקעהרט שפּעט ביי־נאַכט.

ביז דאַן איז זי געוועזען אַזוי פאַרנומען, אַז זי האָט ניט גע־דענקט, נאָר געטהאָן.

איצט האָט איהר מאַן געשלאָפען, אמת, אָנגעטהאָן פול אין זיי־נע קליידער, אָבער רוהיג געשלאָפען.

זי האָט ערשט אויסגעדריקט דעם שוואָם פון דעם אַלקאָהאָל־וואַסער, מיט וועלכען זי האָט געפּרובט שטילען איהר קינדס היץ. דאָס קינד האָט אויך געשלאָפען, מיט אַ פראַכעדיגען, זעהר אומ־רוהיגען שלאָף.

פרידא האָט געקוקט אויף זיין וויים, פעט הענטעלע, יעדע ווייגלע האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן. איהרע אייגענע הענט זיינען געוועזען זעהר מיעד. אין דער רעכטער האַנט האָט זי אָנגעגאָסען אַלקאָהאָל און גענומען רייבען די לינקע. מיט יאָהרען צוריק האָט זי די האַנט צעבראָכען, און איצט האָט איהר אַזוי געצוויגען און געשטאָכען אין דעם ביין.

דער זייגער האָט געצייגט נאָהענט צו דריי, זי האָט געוואָרפען אַ בליק אויף איהר מאַן, און באַשלאָסען צו רעדען וועגען אַ נוירס, מאָרגען פריה.

---

# דאָס ליכט.

אויסגעשטרעקט גראד אויף איהר רוקען — א לוקסוס וואָס פרידא האט זיך ניט פארגונען שוין מעהר ווי צעהן טעג — ליגט זי איצט און קוקט אין באַלקען.

אין צימער איז שוין האלב פינסטער, פון דערבייאיגען צימער הערען זיך די שוואכע טריט פון דער נוירס, באלד הערט דאָס אויך אויף, און אַלעס איז רוהיג.

און פרידא פיהלט זיך בלויז פיזיש רוהיג, איהרע גלידער זיי־נען מיעד אויסגעשטרעקט אָבער איהרע געהירען ארבייטען שנעל.

זי האט געוואונען דעם קאמף, דער קריזיס איז פאַראיבער, און דאָס קינד וועט לעבען !

וויפיעל אָט דאָס לעבען פון איהר קליינעם זוהן האט זי גע־קאָסט, דענקט פרידא, אז בלויז ז י א ל י י ן קען באַגרייפען.

זי פארגעסט די אומצעהליג גרויסע מאסע מוטערס, וועלכע מאַ־כען מיט עהנליכע קעמפּפע, וועמעס העלדענטאַטען עס ווערען ניט באזונגען, און באשריעבען, און וועלכע אַפּפערען יעדען טאָג, גראד'ע ווי פרידא, אַפּפערען דאָס בעסטע אין זיך אויף דעם מזבח פון מוטערשאַפט.

א ביטערער שמייכעל באוויזט זיך אויף איהרע ליפּען ווען זי דערמאָנט זיך אַן יענעם פריה־מאָרגען, מיט ניין טעג צוריק, עס איז געוועזן נאָך דער ערשטער שלאָפלאָזער נאכט. איהר מאַן האט זיך געמאכט גרייט צו געהן אין געשעפט, פאר א ווייל׳ע איז ער שטעהען געבליבען נעבען דעם קינד.

דעם קינד'ס קערפּער האט געברענט מיט דעם העכסטען פי־בער. פרידא האט באטראכט איהר מאן, זיין קראוואט איז געוועזן אַנגעטאָן ווי אַלע טעג, זיינע האָר גלאַט פארקעמט, זיין פּנים רייִן ראזירט, זיין מאַנטעל מיט דעם שטעקען אין דער האנט : — אך — האט זי געטראַכט — ווי קען ער עס ? ווי קען ער עס ? !

זי האט פארגעסען, אז ער איז ניט א  מ ו ט ע ר ,  אז די נאטור האט איהם באשענקט מיט שטארקערע נערוועז, און אז די ארדענונג, די פון מענער געשאפענע ארדענונג, האט איהם גע־טריבען צו זיינע געוועהנליכע געשעפטען אפילו איצט ווען דער טויט איז געהאנגען איבער זיין קינד.

און איידער ער איז ארויס האט זי איהם געפרעגט מיט געמאכ־טער רוהיגקייט:

— ועסטו זעהן צו ארדענען וועגען א נוירס ?

— א נוירס ? — האט ער איבערראשט געפרעגט, און באלד איז ער געווארען זעהר אויפגערעגט — איך זעה ניט וואס א נוירס קען דא טאן, דאכט זיך ארום  א י י ן  קינד קענסטו ארומגעהן, איצט אז מילי איז ביי דער מאמען ביזטו דאך פריי צו זיין בסדר מיט באבי'ן ? !  באלד קומסטו מיט דיינע אויסברענגערישע אי־דעען, דערשרעקסט זיך אזוי, אז דו פארגעסט ווער דו ביזט, א נוירס קאסט היינט א פארמעגען, דאס עסען קאסט, און איבריגענס דו וועסט נאך מעהר דארפען ארבייטען ארום דער נוירס, און אזוי האסטו קיין זאך ניט צו טאן,  א י ך  וועל שוין עסען אין רעס־טאראן.

און מיט דעם איז ער אוועק. „קיין זאך ניט צו טאן, און  א י ך  וועל שוין עסען אין רעסטאראן“.

אט די ווערטער זיינע האבען זעהר אפט אפגעקלונגען אין פרידא'ס אויערען אין די פאלגענדע מיזעראבלע טעג.

אין איהר גרעסטער פארנומענקייט, ווען איהרע הענט האבען געציטערט פון דער אויפרעגענדער, שטענדיגער ארבייט, סאי ווען זי האט מיט געוואלד צוריקגעפרעסט דעם קינד'ס קעפעלע און איהם אריינגעשפריצט די מעדיצין אין העלזעלע, סאי ווען זי האט מיט א מיעדער האנט אראפגעטרייסעלט דעם קוועקזילבער אין דעם טערמאמעטער, וועלכער האט אזוי אהן רחמנות געצייגט די הויכע היץ פון איהר קינד — האט זי ניט ווילענדיג א טראכט געטאן ווי ער האט געזאגט : „און אזוי האסטו קיין זאך ניט צו טאן“.

די פּראָבלעמע פון איהר ערנעהרונג האָט איהם נאָר אויף אזוי ווייט געקימערט, אז ער האָט יעדען טאָג טעלעפאָנירט אָן אָרדער צום גראָסערי מאַן און צום בוטשער, איהר אָנגעזאָגט זי זאָל „עסען און זיך ניט מאַכען נאַריש“, און אוועק.

ער האָט זיך וועניג געקימערט, אז איהר שרעקליכער אנגסט וועגען קינד, אז איהרע לאַנגע שלאָפלאָזע נעכט ברענגען בלויז ארוים אן עקעל צו דעם עסען. ער האָט פארגעסען, אז זי געהט ניט ארוים אויף דער לופט.

און איין נאַכט, די זעקסטע נאַכט ווען ער איז צוגעגאַנגען צום אייז־באָקס און דאָרט דערזעהן צונויפגעזאמעלט די אלע עסענס וואָס ער האָט די לעצטע עטליכע טעג געאָרדערט איז ער געוואָרען שטאַרק ביין:

— אזוי, דענקסטו, אז מען קען לעבען אומגעגעסען? און אז דו וועסט ווערען קראַנק וועלען זיך מיר אנהויבען פרישע צרות, דענקסטו אודאי, אז קראַנקהייטען קאָסטען קיין געלד ניט?!

דאַן האָט ער אָפּגעקאָכט צוויי אייער, אנגעוואַרעמט אַ גלאָז מילך, און זי געצוואונגען עסען, אָבער ביים צווייטען ביסען האָט פרידא'ן גענומען אזוי שטיקען, אז זי האָט זיך צואווײנט.

לאַנג האָט זי געוויינט, די טרעהרען האָבען פארלייכטער־ט די ביטערקייט אין איהר הארץ, און געטראַכט האָט זי די גאַנצע צייט:

„ער זאָרגט זיך ניט וועגען מיר, נאָר וועגען דעם געלד וואָס ס'וועט קאָסטען, אז איך וועל קראַנק ווערען! גאָט, ווי באַפרייט מען איהם פון אָט דער לאַסט?“!

און אזוי אנשטאָט די קראַנקהייט פון זייער קינד זאָל זיי געווען צוזאמענברענגען נעהענטער, האָבען זיי זיך מעהר און מעהר דער־ווייטערט יעדע שטונדע.

בייגאַכט, אז פרידא פלעגט ווערען אזוי מיעד, אז זי האָט מורא געהאַט זי וועט אראָפּפאַלען פון די פיס, האָט זי זעהר געוואָלט אויפוועקען איהר מאַן פון זיין רוהיגען שלאָף, אמת, ער פלעגט זי בעטען זי זאָל איהם וועקען ווען זי וועט מיעד ווערען.

מיעד ווערען! ווען איז זי דען ניט געווען מיעד? אָבער זי האָט איהם מורא געהאָט צו פּעטרויען מיט דעם קינד אַליין, זי האָט מורא געהאָט, אַז זיין אָפּוואַרטען וועט נאָך חלילה צונישט מאַכען איהר שווערע ארבייט.

און אזוי איז זי אומגעגאַנגען ביז היינט פריה. די לעצטע נאַכט איז געווען זעהר א שווערע. עס איז געווען דער קריזיס. דער דאָקטאָר האָט מיט זיי פאַרבראַכט די גאַנצע נאַכט, און ווען ער איז אוועק האָט ער סימפּאַטיש געזאָגט צו פרידא'ן: — דאָס קינד איז ארויס פון געפאַהר, איהר קענט שוין זיין רוהיג, אָבער איהר זיינט זעהר שוואַך, איהר מ ו ז ט האָבען רוה — און אויסדרעה־ ענדיג זיך צו איהר מאַן, האָט ער צו איהם שטרענג געזאָגט: — מר. גילבערט, א י ך וועל טעלעפאָנירען נאָך א נוירס, ערשט איצט מ ו ז דאָס קינד האָבען אָפּוואַרטונג, און מרס. גילבערט פאַלט פון די פיס!

און אזוי איז איצט געווען א נוירס אין פרידא'ס הויז. און פרידא איז געלעגען פלאַך אויסגעשטרעקט אויף דעם רוקען, גע־ קוקט אין באַלקען. אין אין צימער איז געוואָרען פינסטער, אָבער פרידא האָט געזעהן א ליכט...

אָט די לאַנגע, אומענדליך לאַנגע טעג און נעכט ווען זי האָט אזוי שווער געקעמפט און איז געווען אָפּגעזונדערט פון אַלע מענ־ שען, האָט די אידעע פון באפרייען זיך אָנגענומען א שטאַרקערען באַדען.

זי איז געווען זיכער, אַז זי מוז עפּעס טאָן. די לאַסט פון די קינדער איז איהר איצט ניט געווען שווער. די קראַנקהייט פון איהר קליינעם זוהן האָט זי איצט מעהר צוגעבונדען צו די קינדער, אָבער מעהר פאַרפרעמדט פון איהר מאַן, פור איהר אַמאָליגען גע־ ליעבטען. זי איז געקומען צום באַשלוס, אַז אַזא הייראַט מיט נאָך קינדער (דאָס איז דאָך אומפאַרמיידליך) איז א מאָראַלישער פאַר־ ברעכען. און דאָ אין דער פינסטערקייט פון צימער האָט זי דער־ זעהן דאָס ליכט פון באַפרייאונג, עקאָנאָמישע באַפרייאונג.

# די קייטען.

די לעצטע טעג פיהלט זיך פרידא ווי שווערע קייטען וואלטען זיך נאכגעשלעפט נאך יעדען טריט איהרען.

אפילו איהרע געדאנקען זיינען אזוי שווער, אזוי מאדנע, ווי מיט אייזען אראפגעוואויגען.

זי איז ניט אויפגערעגט, זי קריעגט זיך ניט מיט קיינעם; איהר באנעהמונג צו עדווארד'ן איז די זעלבע, וואס זיינע צו איהר: פרעמד, גלייכגילטיג.

אפט וויל זי זעהר וויסען, צי מאכט ער זיך בלויז, צי אין הארצען פארדריסט איהם טאקע?

„און איך?" — פרעגט זי זיך. איין מינוט פארדריסט איהר אויף זיך אליין, אויף איהר קאלטער פרעמדקייט צו איהר אמאליגען געליעבטען; באלד לאכט זי פון איהרע געדאנקען. אט וויל זי, ער זאל קומען, פאלען אויף זיינע קניע, זי איבערבעטען, איהר צוזאגען צו זיין העפליך, זיין איהר אמת'ער פריינד, ווי זי האט אמאל געהאפט, אז ער ועט בלייבען; באלד ווילט זיך איהר אוועקלויפען, אוועק פון איהם!

אבער די קייטען, — עפעס שיינט עס צו זיין אזוי שווער! פריהער האט גאר פרידא ניט געוואוסט, אז אפילו דאס טראכטען וועגען דעם וועט איהר אנקומען אזוי שווער. „פייגלינגע", האט זי אנגערופען יענע פרויען, וואס ברייגגען־אוים די יאהרען מיט ווערטלאזע מענער.

„און מיט וואס איז ער דאס אזוי ווערטלאז?" — וויל זי איהם שוין פארטיידיגען.

און עס נעהמען זיך שטופען הונדערטער ביישפיעלען פון זיין פארנאכלעסיגען איהר, פון זיינע גראבקייטען, פון זיין קארגקייט, פון זיין אונטערדריקען איהר, פון זיינע אומצעהליגע עגאאיסטישע פארלאנגען.

„און איך? בין איך דען געווען אלץ גוט?" — פרעגט זי זיך; און ווי זי זאל ניט וועלען זיין אומפארטייאיש, ווי זי זאל ניט ווע־לען פארטיידיגען זיך. אמת, זי איז נערוועז, זי איז סענטימענ־טאל, זי האט אמאל איינבילדונגען, אבער, — וויל זי דען מעהר, ווי ער זאל זיין איהר פריינד? בעמיהט זי זיך דען ניט שטענדיג איהם צופרידען צו שטעלען?

זי איז היינט מעהר נערוועז ווי אימער; זי וועט אוועקגעהן אויף עטליכע שטונדען. עס ווערט שוין באלד נאכט; זי וועט ארוים אויף ריווערסאיד־דרייוו און קוקען אויף די ליכטלאך פון די פארבייפאהרענדע שיפען. אמאל פלעגט זי מיט האפנונג בא־גלייטען די שיפען, דערמאנט זי זיך; אבער דאן איז איהר האנט געלעגען אין ערי'ס ווארימער, באשיצענדער האנט...

און זי שרייבט איהם אן א בריוועל:

„איך מוז אוועקגעהן. דארפסט זיך ניט זארגען; איך וועל ניט פארבלאנדזשען און איך וועל ניט פלוירטען. איך בין צו מיעד. איך וויל בלויז זיין אליין.

„פרידא".

— וועז וועט מרס. גילבערט קומען? — האט עדווארד, איבער־לעזענדיג דאס בריוועל, געפרעגט די נוירס.

עפעס האט זיך עדווארד דערשראקען. זי רעדט ניט וועגען קו־מען צוריק!

און באלד באשליסט ער: „מ'דארף ווערען צו פרידא'ן א ביי־סעל וייבער, זי קען נאך אפטאן עפעס א נארישקייט".

טיעף ביי זיך אין הארצען ווייסט ער, אז ער באנעהמט זיך ניט מיט פרידא'ן ווי מ'דארף: אבער ער איז אזוי זיכער, אז זי איז ניט גערעכט, אז עס ווילט זיך איהם גארניט אריינטראכ־טען אין דער פראגע. ער ווייסט בלויז, אז זי רעדט שטענדיג ווע־גען געלט, אז זי האט אלערליי פארלאנגען, וואס איהם איז שווער נאכצוקומען, אז ער איז „אומגעדולדיג" איבערהויפט צו טראכטען וועגען דעם אלץ.

„ווייבער קענען זיך אפגעבען מיט אלערליי נארישקייטען: טראכטען וועגען ליעבע און צערטליכקייט, ווען מען דארף זיך אפגעבען מיט וואכעדיגע זאכען", — טראכט ער.

א ביסעל האט ער זיך יא פארשעהמט אי פאר דעם דאקטאר, אי פאר זיך אליין אויך, מיט דעם, וואס ער האט צוגעלאזען, אז פרידא זאל זיך אזוי צונויפברעכען, אפווארטענדיג דאס קינד. „און איצט האב איך ערשט געמוט נעהמען א נוירס!" — טראכט ער בייז, און נעהמט רעכענען, וויפיעל עס וועט איהם קאסטען די נוירס אויף צוויי וואכען.

ווען עדווארד דערזעהט אמאל פרידא'ס רויטע, אויסגעארביי־טע הענט, טוט איהם יא א צאפעל ביים הארצען; ער פלעגט אמאל, — דאכט זיך, עס איז ניט לאנג געווען, — ער פלעגט אזוי ליעב האבען פרידא'ס ווייסע, צארטע הענט מיט די גלאנציגע נע־געל!

פרידא איז געקומען שפעט.

עדווארד האט שוין געהאט אויסגעלעזען און אויף דעם טעפיך ארום זיך אוועקגעווארפען פ י ע ר צייטונגען. פרידא'ן האט ער בלויז מיט א בייזען בליק באגריסט; אלע זיינע באשלוסען וועגען צערטליכקייט האט ער שוין לאנג פארגעסען.

„זי איז דא, דארף מען ניט צופיעל רעדען", — האט ער מאן־אופנ'דיג געטראכט.

פרידא האט ערשט צונויפגעקליבען די צייטונגען: מארגען וועט זי ניט האבען קיין צייט, — און זי האט זיך דערמאנט: ווי־פיעל מאל, אזוי בויגענדיג זיך נאך די פאפירען, וואס ערווארפט יעדען אווענד אן, — וויפיעל מאל זי האט מיט מיה אויסגעגלייכט איהר מיעדען רוקען, — און באפעהלענד איהם געהייסען צונויפ־קלייבען די פאפירען. אמאל האט ער זי געהארכט, און א סך מאל האט ער אפילו ניט געגעבען קיין צייכען, אז ער הערט, וואס זי רעדט צו איהם.

ווי עס פלעגען איהר פארדריסען אט אזעלכע קליינע גראב־

קייטען זיינע ! און צו ביסלאך האט זי זיך, און א י ה ם , צר־געוואוינט, אז זי טוט אלעם אליין.

אין קיך האט זי צעוואשען די שמוציגע געשיער פון זיין באכטמאל; און יעדען שריט, וואס זי האט געמאכט, האט זיך איהר אויסגעוויזען, אז עס שלעפט זיך איהר נאך א שווערע אייזערנע קייט.

באבי און די נוירס האבען שוין געשלאפען.

לאנג האט פרידא געקוקט אויף איהר שוואכען זוהן.

„אך, ווי שווער עס איז צו צורייסען א קיים, וואס איז צר־גויפגעקניפט מיט לעבעדיגע נפשות !" — האט זי ביטער גע־טראכט.

---

## פאשיעדענהייטען.

פרידא איז געווען אזוי גליקליך, ווייל דאס קינד פיהלט בע־סער, דעם מאמענט האט זי פארגעסען אלע איהרע קריוודעס צו איהר מאן, און איהרע אויפגערעגטע פינגער האבען פעסט גע־דריקט זיינע, בויגענדיג זיך איבער דעם קינד.

די נוירס אן עלטערע מיידעל, מיט א סך ענטוישונגען אנגע־שריבען אויף איהר אפגעקיהלט פנים, האט צופרידען געשמייכעלט, זי האט אזוי ליעב געהאט צו זעהן „פארליעבטע פארלאך". פרידא האט באמערקט איהר שמייכעל און האט זיך ביטער, איראניש צר־לאכט.

די נוירס האט שנעל פארלאזט דאס צימער און עדווארד, קוים דערוואַרטענדיג די טיר זאל זיך פארמאכען, האט זיך צושריען:

— וואס פאר א מין פארשטעלונג איז דאס ? ווילסט, אז די גאנצע וועלט זאל וויסען וועגען דיינע משוגעת׳ן ? !

פרידא האט ניט געענטפערט, באבים׳ס אפגעצעהרט פנים׳על האט זיך פארקרימט צו וויינען און אפשר דאס האט געמאכט אזוי

ווייך די שטימע פון זיין פאטער: אין א סעקונדע האט זיך געבי־
טען זיין מינע, צערטליך האט ער זיך איצט געבויגען צו פרידא׳ן
און שטיל געזאגט:

— איך פארשטעה, דיינע נערוועז זיינען אינגאנצען צושרויפט,
דארפסט האבען רוה. האסט זיך די לעצטע צייט איבערגעארבייט,
אבער יעצט קאנסטו זיך יא אויסרוהען. דארפסט שלאפען מעהר.

פרידא האט געטראכט וועגען די שרעקליכע שלאפלאזע נעכט,
ווי מורא׳דיג לאנג זיי זיינען און וועגען איהר מאן׳ס געזונטע
נערוועז, ווי ער קען אין א סעקונדע איינשלאפען און שנארכען,
און אליין ניט וויסענדיג אז זי רעדט ארום הויך איהרע געדאנ־
קען האט זי מיט א נערוועזען טרייסעל געזאגט:

— נאט, ווי פארשיידען מיר זיינען אין יעדען הינזיכט!

ער איז צוגעגאנגען נעהענטער און האט אויף איהר לאנג גע־
קוקט. און דערזעהענדיג דעם אויסדרוק פון ז זייפנים, האט זיך
ערשט פרידא געכאפט, אז זי האט ארויסגעזאגט די ווערטער.

— די לעצטע צייטען האסטו עפעס צופיעל גענומען רעדען
וועגען אונזביידען, פאס אויף!

אזוי דראהענד, אזוי רויה איז איצט געווען זיין שטימע, אז
פרידא האט זיך אביסעל דערשראקען.

— מאטהער — האט באבי שוואך גערופען און אינסטינקטיוו
האבען ביידע פארגעסען דעם שטורם אין זיך, און זיך צערטליך
געבוינען איבער דעם קינד.

און איצט, אפילו אין דער סעקונדע איז פרידא געווען מארנור־
מען מיט איהרע פרייהייטס־געדאנקען, אבער ווי קען זי האבען
דאס הארץ אפצורייסען איהר קליין זוהנדעלע פון זיין טאטען? זיי
האבען דאך זיך ביידע אזוי שטארק ליעב!

שפעטער, ליעגענדיג אין בעט, האט זיך פרידא געווארפען
פון איין פלאץ אויף דעם צווייטען און געטראכט וועגען באבי׳ן
מיט זיין פאטער.

דאס מיידעלע איז נאך אזוי יונג, עס וועט אפילו ניט געדענ־
קען דעם פאטער, אבער באבי, באבי און זיין פאטער זיינען דאך

ווי די בעסטע חברים, באבי וועט פרעגן „וועהר איז פאטהער ?“ און פרידא וועט זיך דערשרעקען.

און איצט, אז איהרע געדאנקען נעמען אן אזא פאזיטיווע פארמע, דערשרעקט זי זיך אויך. זי דערשרעקט זיך פאר דער פוסטקייט וואס איז איצט ביי איהר אין הארצען, פאר דער פרעמדקייט, אפגעריסענקייט, וואס זי פיהלט צו איהר עדי'ן, זי שרעקט זיך ניט וועגען איהר אייגענעם בענקען, נאר זי טראכט וועגען די קינדער.

„און איך ? מיין בענקשאפט ?“ פרעגט זי זיך, און פרואווט זיך איינרעדען, אז זי וועט ניט בענקען...

„הייסט עס, האב איך באשלאסען ביי זיך ? און די קינדער? האב איך א רעכט ביי זיי אוועקצונעהמען זייער פאטער ? וואס וועלען זיי זאגען ווען זיי וועלען אויסוואקסען ? און וואס וועלען זיי זאגען, אז איך וועל בלייבען מיט איהם: זיך לאזען באליידיגען, ערנידריגען יעדען טאג ?“

אזעלכע און עהנליכע פראגעם האבען זיך ארומגעשלאגען אין איהרע געדאנקען. אונרוהיג האט זי זיך געווארפען אין בעט.

היינט פריה איז זי געווען ביי דער מאמען: ווי פיין די מאמע קען ארומגעהן דעם קליינעם קינד. און פרידא נעמט זיך פארשטעלען ווי זי געהט אוועק צו דער ארבייט, לאזט די קינדער מיט דער מאמען — און זי דערשרעקט זיך ווידער.

„קען עס זיין, אז עדי'ן ארט ניט ווי איך פיהל ? פארשטעהט ער ניט ? מאכט ער זיך ניט וויסענדיג ?“

עס פאלט איהר איין, אפשר שלאפט ער אויך ניט, אפשר טראכט ער איצט פון איהר !

שנעל שפרינגט זי ארויס פון בעט, אויפגערעגט, אויף די שפיץ פינגער געהט זי צו זיין טיר. אין דער מינוט האט זי אלץ פארגעסען, אין דער מינוט איז זי זיכער אז ער שלאפט ניט, ער ווארפט זיך אויף זיין געלעגער און טראכט וועגען איהר, זי וועט א הייסען קוש טאן זיינע שלאפלאזע אויגען און ער, ער וועט זי מיט פרייד דריקען צו זיך —

מיט א קלאפּענדיג האַרץ עפענט זי די טיר פון זיין צימער, פון בעט הערט זיך עדוואַרד'ס מאָנאָטאָנע שנאָרכען...
א פארשעהמטע פארמאכט זי די טיר הינטער זיך...

---

# אַן אָפּשטויס.

אין הויז איז שוין אלץ ווידער נאָרמאל, באָבי איז שוין כמעט איינגאַנצען געזונט, די נוירס איז שוין זינט עטליכע טעג אוועק.

און אָט וועגען דער נוירס ווען פרידא גיט א טראַכט, ווערט איהר אַזוי אומעטיג, זי שטעלט זיך אָפּ א דערשראָקענע אין איהרע פּלענער פאַר א פרייע לעבען. די נוירס איז אויך פריי, צו פריי, אין יעדען קנייטש פון איהר פנים איז אָט די פרייהייט אַנגעשריבען. און פרידאַ'ן טרייסעלט אָפּ א קעלט, זי שרעקט זיך פאַר אַזא פרייהייט...

באָבי'ס שוואַכע שטימעלע וועקט איהר אויף פון אָט די געדאַנקען. באָבי'ס טראָמפּייטער וויל ניט בלאָזען, פרידא טוט א דרעה און באָבי בלאָזט שטאַרק אַז זיינע בעקלאַך און גיט אַזא הויבען בלאָז, אַז דאָס קליינע קינד דערשרעקט זיך און ברעכט אויס אין א ביטערען געוויין.

די נעקסטע עטליכע מינוטען איז פרידא פאַרנומען מיט די קינדער, און ווען זי הויבט אויף דעם פאָדים פון איהרע געדאַנקען, לאַכט זי פון זיך אַליין.

„אַזוי פריי, אַזוי איינזאַם ווי די נוירס וויל איך שוין קיינמאָל ניט זיין, איך בין א מאַמע!" — טראַכט זי מיט שטאָלץ און באַדעקט ביידע קינדער מיט אַזעלכע הייסע קושען, אַז זי רופט אַרויס פון באָבי'ן אַזא קאָמפּלימענט:

— דו ביזט אַזא פאַני מאַמאַ!

באַלד פרעגט ער:

— פאַרוואָס ביזטו ניט אַלץ פּאַני ? — און אַז פרידאַ ענט־פערט ניט, זאָגט ער:

— ביזט צו ביזי, פור מאַטהער !

יענעם אָוועגד איז אַריינגעקומען איהרע אַ פריינדין.

אסתר פעלד איז מיט פרידאַ׳ן צוזאַמען אין שול געגאַנגען. זי איז געווען אַ לעבעדיגע, זעהר אַן אינטעליגענטע, אַ שעהנע שאַרפ־זיניג, פול מיט וויצען און האָט שטענדיג געלאַכט פון פרידאַ׳ס פאַרנומענקייט:

— האָסטו געדאַרפט חתונה האָבען ? — פלעגט זי זיך מיט איהר רייצען.

היינט אָוועגד האָט זי ווייניג גערעדט, זי איז אַ צייבנערין פון מאָדעס, און אימער האָט זי עפּעס אינטערעסאַנטעס צו דערצעה־לען, אָבער היינט האָט זי געשוויגען.

און עדוואַרד האָט געפרעגט:

— אסתר, האָסט עפּעס פאַרלאָרען ?

— יאָ.

— אַ זעקס־זיבען יאָהר גליק.

— וואָס מיינסטו ?

— איך מיין, אַז כ׳בין אַ נאַר, וואָס איך האָב ניט חתונה גע־האַט, גלאַט אָוועקגעשטופּט פון זיך דאָס גליק. אָט די יאָהרען וועלען זיך ניט צוריקקעהרען. וואָס האָב איך אויפגעטאָן אין די יאָהרען ? ארומגעספּאַרטעוועט, צופרידענגעשטעלט מיין עגאָ און דאָס אָנגערופען פרייהייט. כ׳האָב זיך אַליין גענאַרט, מיין פריינד!

פרידאַ האָט געפרעגט:

— ביזט זיכער ?

— געוויס. זעה וואָס דו האָסט אין די יאָהרען, דאָס גרעסטע גליק, וואָס אַ פרוי קען זיך ווינשען, ביזט אַ מוטער און אַ גע־ליעבטע !

פרידאַ האָט מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגען געקוקט אויף דעם מוסטער פון טישטוך.

— האסט נאך אויך ניט פארשפעטיגט. — האט מיט א שמייכעל געזאגט עדווארד.

— כ'האב מורא, אז יא. האט אסתר האלב טרויעריג געענט־פערט. איצט קוק איך שוין גאנץ אנדערש אויף דעם לעבען. וואס ס'וואלט מיר דאן געפעלען, וועל איך איצט אפילו ניט באטראכ־טען. איצט איז מיין געשמאק צו שטארק ענטוויקעלט, און פאר ענטוויקעלטע געשמאקען שרעקען זיך די מענער.

— ניט אלע. — האט עדווארד געענטפערט און צערטליך גע־שטרעקט זיין האנט צו פרידא'ן. פרידא האט געזעהן, אז אסתר קוקט און זי האט צוגענומען זיין לאסקע און געטראכט ווי מאס־קירט ער קען זיין.

שפעטער, ווען זי האט אסתר'ן באגלייט צו דער טיר, האבען זיי זיך אפגעשטעלט אין פרידא'ס שלאף־צימער און אסתר האט שטיל געזאגט:

— דו זעהסט! די ווארעמע אינטימקייט, פון דעם צימער מאכט מיך דיר מקנא זיין. מיין צימער איז רייכער מעבלירט, מיט מעהר לוקסוסען, אבער עס פעהלט אין דעם עפעס. אט די אפגעברענטע ציגארען און אט אזא פלעשעלע מיט א ניפעל! לאז־מיך זעהן, קענסט זויגען? — און לאבענדיג האט זי געשטופט דאס פלעשעלע אין פרידא'ס מויל.

ביידע האבען געלאכט, אבער ביידע האבען אנדערש געפיהלט און אנדערש פארשטאנען די ערנסטקייט פון די ווערטער. פרידא האט פרובירט זיין לייכטזיניג יענעם אווענד, היינט האט זי ניט אויסגעקוקט אזוי מיעד (ווייל זי האט צוליעב דעם גאסט האלב ארבייט איבערגעלאזען אויף מארגען), און שפעטער, ביי דעם שיין פון ראזען לאמפ האט זי אויסגעזעהן ווי די אמאליגע פרידא, און פארגעסענדיג זיך אויף א סעקונדע, האט זי א גלעט געטאן איהר מאנ'ס האלז און צערטליך געפרעגט:

— נאך אלעם בין איך נאך ניט אזא מיאוס מיידעל, א יא!

— לאז צורוה! — האט ער ווילד א ריס געטאן איהר האנט

פון זיין האלז. — זעהסט ניט וואס דו טוסט, האסט מיר אזא דריק געטאן דעם פרישטשיק!

פרידא איז שטארק רויט געווארען. אין איהרע אויגען זיינען טרעהרען געקומען. זי האט זיך געפיהלט אזוי באליידיגט, און דערנידריגט. „און אז כ'האב אפילו איהם וועה געטאן“, עס איז דאך שוין אזא לאנגע צייט, אז איך האב איהם ניט ארומגענומען, האט ער ניט געקענט פארגעסען דעם פרישטשיק און זיך פרעהען מיט מיר? ער האט מיך ניט ליעב!

עס האט שוין ניט געהאלפען זיין איבערבעטען, יענעם אווענד האט זי גענומען זוכען א וועג ווי אויפצושליסען איהר קייט.

# א רים.

זייט עדוואַרד איז אוועקגעפאהרען, און דאס איז שוין דער נייג־טער טאג, האט פרידא קוים אפגעקאכט צוויי מאלצייטען פאר זיך. ווערט זי פארטיג מיט די קינדער איז זי אזוי מיעד, אז זי דאנקט גאט זי דארף ניט ארומגעהן ארום איהר מאן. זי וויל טראכטען. און זי טראכט, טראכט שטענדיג. זי לייגט זיך מיט דעם זעלבען געדאנק, און וועקט זיך אויף מיט דער זעלבער פראבלעם ניט ער־לייזט:

„וואס טוט מען?!“ זי האט שוין די פראגע ארומגערעדט מיט זיך פון יעדער זייט.

זי ווייס, אז עס וועט ניט זיין לייכט, זי ווייס, אז אוועקגעהן פון עדי'ן וועט מיינען זיך איינגאנצען אפרייסען פון איהם. זאל זי זיך ערלויבען איהם צו זעהן ווייס זי, אז זי וועט זיין שוואך, און וועט זיך לאזען איבעררייידען.

„איבעררייידען?“ און י וואונדערט זיך. וועט ער זי פרואווען איבעררייידען? ער איז דאך אזא שטאלצער, ער וועט אפילו ניט זאגען „קום צוריק“. ער וועט איראניש שמייכלען און זיך האלטען

שטארק, אפילו אז עס וועט וועה טאָן. און פרידא כאַפּט זיך א פארשעהמטע. וואס קימער איך זיך אזוי פיעל מיט איהם און וואס ער וועט דענקען? אויב איך בין זיכער מיט זיך, זי־בער אין מיין אייגענעם באשלוס, דארף איך בעססער טראַכטען וועגען דער צוקונפט".

און אין איין רגע איז זי שוין פעסט ענטשלאסען, אז זי מוז אוועק פון איהם, איינמאל פאר אלע מאל אן ענד צו דעם צוזאמען לעבען מיט א מענשען, וועלכער איז איהר שוין לאנג פרעמד, א מענש, וועלכער גיט איהר ניט א טייל פון זיינע פריידען און נעמט ניט אנטייל אין איהרע ענטוישונגען.

זי איז זיכער, אז ער טוט אפט א טראַכט וועגען דעם, וואס זי, פרידא, איז געוועזן און וואס זי איז איצט. ער געדענקט דאך געוויס איהרע אמביציעס, איהרע האפנונגען, וואס זי האט געוואלט פון זיך מאכען. און זעהט ער דען ניט דעם שרעקליכען קאנט־ראסט, וואס די ווירקליכקייט האט געמאכט פון איהר?

„גאר ניט נאר זיין פרוי, נאר א וואשעריןְ, א וואשעריןְ פון ווינדעלאך, א פארזארגעריןְ פון זיינע באקוועמליכקייטען". טראכט זי.

„אמת. איך בין א מוטער, כ'האב ליעב די קינדער, אבער כ'קען ניט ארבייטען אזוי שווער, כ'מוז ניט!" פראטעסטירט זי. „ווען ער וואלט אביסעל סימפאטיזירט מיט מיר! ווען ער וואלט נאר פארשטאנען, ווען ער וואלט געווען א פריינד. אבער ער איז א פרעמדער, א ווילד פרעמדער!

זי דריקט איהרע ווייס־קאלטע הענט צו די שלייפען און זוכט עפּעס א גוט ווארט, איהם צו פארטיידיגען.

אבער די גוטע ווערטער פעהלען זיך. אויף דעם טיש ליגען צוויי בריעף, וואס ער האט איהר געשיקט אין די נייען טעג וואס ער איז אוועק

עס פיהלט זיך ניט אין זיי אפילו א געמאכטע ווארעמקייט, לעבלעך זיינען זיי. „מען קען לייכט זעהן, אז ער שרייבט צו זיין פרוי, מיט וועלכער ער איז זיכער". שמייכעלט זי ביטער.

זי לעזט נאָכאַמאָל איבער דעם לעצטען בריעף און שטעלט זיך אָפּ ביי די לעצטע שורות: „בענקסט באַבי נאָך מיר? איך וויל איהם זעהר זעהן. מאָרגען, ארום זיבען, וועל איך זיין אין דער־היים. גרייט צו אַ גוטען נאַכטמאַל, פרידא. קיינער קען ניט קאָ־כען אַזוי גוט ווי דו. ווילסט דאָך אודאי וויסען אויב איך בענק נאָך דיר אויך? יאָ, איך בענק. דיין עדי".

פרידא קוקט אויף דעם זייגער. עס איז שוין באַלד פינף, און אַזוי ווי דאָס רוקען פון די ווייזערס וואָלט איהר געהאָלפען צו איהר באַשלוס, נעהמט זי זיך מיט פיבערישער שנעלקייט צו דער ארבייט.

אין אַ גרויסען טראַנק ווארפט זי שנעל, אָהן אָרדנונג אריין איהרע קליידער. מיט די קינדער'ס שטייפע, געביגעלטע זאַכען באַגעהט זי זיך מעהר צערטליך. כמעט לאַשצענד. איהרע פינ־גער ארבייטען שנעל און די באַקען פלאַמען מיט אַ פיבערישער רויטקייט.

אין דעם האַנדטאַש פּראָוווט זי ארייננשטופּען אַלע נויטווענדיג־קייטען. דעם האַלז־שפּריצער פאר די קינדער, באַבי'ס „טעדיבער", טילי'ס ווייסען סוועטערעל, נאָך אַ פּאָר שיכלאַך באַבי'ס, זי האָט שיער ניט פארגעסען. זי דאַרף זיך גוט אָנשטרענגען די האַנדטאַש צו פאַרמאַכען. נעבען שלאָס איז אַ שטיק לעדער אָפּגעריסען, דעם פלעק האָט שוין די צייט אָפּגעפארבט, כמעט שווארץ. מיט גרוי־סע אויגען קוקט פרידא אויף דעם ריס. דאָס האָט זי צוריסען אויפ־מאַכענדיג אין אַטלאַנטיק סיטי, ווען זי איז געווען אַ כלה און איז ערשט אַנגעקומען אין דעם האָטעל צו פארברענגען איהרע „האָניג־טעג".

מיעד זעצט זי זיך אַוועק און קוקט אויף דעם ריס אין דער האַנד־טאַש. ווי פליהענדע בילדער לויפען פארשיעדענע סצענעס פון איהר פארהייראַט לעבען פאר איהרע אויגען, און ווי זי זאָל זיך ניט אָנשטרענגען צו זוכען דאָס זיעסע, דאָס ליעבע, זיינען דאָך די בראָבהייטען פון איהר מאַן די פּראָמינענטסטע ערינערונגען.

און מיט א פיבערישען האט טוט זי אן די קינדער, ניט ווע־לענדיג טראכטען וועגען דער אונגעהייערער וויכטיגקייט פון איהר איצטיגען שריט.

אויפ'ן טראנק שרייבט זי אן דעם אדרעס פון איהר מוטער און אין קאפ האמערט בלויז איין געדאנק: „כ'וויל ניט ער זאל מיך דא טרעפען, כ'וויל ניט באנייען די טראגי־קאמעדי, כ'וויל ניט!

ווען זי טעלעפאנירט נאך א טעקסי, טראכט זי ווי עדווארד וואלט זי קריטיקירט פאר אזא אויסברעננגעריי.

אויף א שטיקעל וויים־פאפיר שרייבט זי אן דאס פאלגענדע:

„ס'איז געווען א לאנגער קאמף, און ווי איך האב דיך ניט גע־פרובט פארטיידיגען, האסטו אימער פארלארען. איך קען ניט מיט א פינגער אנווייזען אין וואס דו ביזט שולדיג, אבער אויב ד ו קענסט זיך ועסטו אליין וויסען. דו זאלסט מיך ניט קומען רופען איך וועל ניט געהן. עס ווילט זיך ווערען עפעס מעהר ווי דיין פרוי.

זיי געזונד,

פרידא“.

ווען זי האט דאס צעטעלע אוועקגעלעגט אויפ'ן טיש, האט עס אויסגעזעהן אזוי קאלט אויף דעם שווארצען, פאלירטען האלץ און פרידא האט היסטעריש געבליפעט.

אונטען האט שוין געבלאזען דער שאפער פון טעקסי.

באבי האט זיך אזוי געפרייט מיט „אויטאמאביל רייד“, אז ער האט אפילו ניט באמערקט ווי די מאמע וויינט דעם גאנצען וועג.

# ברענענדע שטונדען.

ווען פרידא האט פלוצלונג דערפיהלט איהרע הענט לײדיג האט זי א מיעדע זיך אראפּגעלאזען אויף א שטוהל.

באבי איז געלאפען נאך דער קאץ, און מילי האט א צופריע־דענע געשמייכעלט אין דער ערשטוינטער באבעס ארימס.

פרידא'ס מוטער איז געווען פון דעם שווייגענדיגען סארט פרויען, זי האט זעלטען געפרעגט פראגעס. פרידא האט זיך פאר איהר קיינמאל ניט באקלאגט, אבער צווישען זיי האט עקזיסטירט א מין שטומע פארשטענדניס. זי האט געוואוסט, אז איהר טאכ־טער איז ניט גליקליך, אבער גערעדט האבען זיי קיינמאל ניט וועגען דעם.

און אויך איצט האט די מוטער קיין פראגעס געפרעגט. און פרידא האט שטיל געזאגט:

— מאמע כ'קען מיר אנדערש ניט העלפען

און אז די מוטער האט נאך אלץ געשוויגען האט זיך די טאכ־טער צוגערוקט נעהענטער און אנשפּארענדיג איהר מיעדען קאפּ אויף דער מוטער'ס פּלייצעס זיך שטיל צואוויינט.

א ביסעל שפּעטער האט זי פארשטיקט געזאגט:

— ס'איז ניט עדי'ס שולד. ער איז ווי אנדערע מענער, אבער איך, איך בין ניט ווי אנדערע פרויען. אין מיר איז פאראן א מין שטורם וואס לאזט מיך ניט רוהען. דאס לעבען איז געווארען צו וואכעדיג און איך האב פיינט דאס וואכעדיגע.

— טא זוכסטו דאס נייע, דאס אינטערעסאנטע ? — האט די מוטער איצט געפרעגט, מיט א ביסעלע פארוואורף אין דעם האל־בען שמייכעל. פרידא האט שנעל באמערקט דעם פארוואורף און איז באלד געווארען געשעפטסמעסיג:

— איך וועל ניט זיין א גרויסע לאסט, געוויס וועט דיר זיין א ביסעל שווער מיט די קינדער, דערפאר ביזטו דאך מיין מאמע און

מאמעס לויט דעם געזעץ פון דער נאטור מוזען צאהלען א שווערען פרייז.

— פרידאלע, דו ווייסט דאך, אז מיר איז קיין זאך ניט שווער, איך טראכט אפילו ניט פון זיך. עס איז דא אזוי פיעל וויכטיגע־רעס,די קינדער, האסטו א רעכט זיי אוועקצונעהמען פון זייער פאטער ? אז באבי וועט עלטער ווערען, א אינגעל איז שווער צו ערציהען אהן א טאטען. ער וועט ביי דיר מאהנען זיין טאטען. און דו אליין, דו ווייסט ניט, דו באגרייפסט ניט אין דיין איילעניש, דאס לעבען פון אן עלענדער פרוי.

— איך וועל ניט זיין עלענד איך האב די קינדער און דיך מאמעלע, און איך האב נאך עפעס, איך האב דאס וואונדערבארע מיט וואס גאט בעשענקט ניט יעדען מענש, איך האב די מאכט, דעם פארשטאנד, די אמביציע צו ארבייטען, צו שאפען עפעס וואס וועט אנפילען מיין לעבען, מאכען עס אזוי פאלקאמען, אז א מאן וועט ניט זיין וויכטיג.

— ניין, איך האב מורא דו פארשטעהסט דאס אלץ ניט, ווי ענטוויקעלט און פארנומען א פרוי זאל ניט זיין בלייבט דאך א מאן דער וויכטיגסטער צענטער פון איהר לעבען.

פרידא האט ניט געענטפערט

איהר מוטער האט א ווייל געקוקט אויף איהר, געשאקעלט מיט איהר ווייסען קאפ און פארצווייפעלט א מאך געטאן מיט אן אויסגעדארטער האנד.

מרס. שערמאן א שווייגענדיגע, א ביסעל א קראנקע איז געווען אן אויסגעצייכענטער שילער פון לעבען. דאס לעבען האט זי גע־שטופט ארויף און ארונטער און די יאהרען זיינען געווען אזעלכע שווערע, אזעלכע הארטע, אז זי איז אליין אויך פארהארטעוועט גע־ווארען. אין די ערשטע יאהרען פון איהר פארהייראטען לעבען האט זי געליטען פון איהר מאנ׳ס אייזערנעם ווילען, דאן זיינען געקומען די קינדער געראטען אין טאטען, מיט פעלזען־שטארקע ווילענס, און זי די ווייכערע, די גוטע איז געווען א שפיעלכעל אין

זייערע הענט. צו ביסלעך איז זי געווארען הארטער, אבער בלויז צו זיך אליין, צו זיי האט זי נים געקענט זיין שטרענג.

און ווען זי האט שוין אנגעהויבען פיהלען מיטלייד צו זיך אליין און טראכטען וועגען אן ענדערונג, גראדע דאן איז איהר מאן געשטארבען. אין עטליכע שטונדען האט זי פארגעסען אן אלע זיינע שוואכקייטען, ווי פארשקלאפט זי איז געווען ביי איהם, דער טויט האט די אלע עראינערונגען אויסגעמעקט, און טראץ דעם וואס זי איז נאך דאן געווען יונג האט זי שוין מעהר וועגען זיך אליין נים געטראכט, נאר איהרע בעסטע יאהרען אוועקגעשענקט צו ערציהען די קינדער און בענקען נאך דעם טויטען.

פון ערפאהרונג האט זי געוואוסט, אז איהר לעבען איז געווען פוסט מיט ווייניג פרייד. די קינדער זיינען אויסגעוואקסען מיט אייגענע אינטערעסען.

איהר עלטסטער זוהן, א רייזענדער, א וועלטליכער מענש, וועלכער האט זיך היבש געקימערט וועגען דער מאמעס באקוועמ־ליכקייטען אבער גאנץ ווייניג וועגען איהר גייסט.

און טאקע פרידא, ווען זי איז נאך געווען אין דער היים, פריי־דא האט ליעב געהאט די גאנצע וועלט, האט געוואלט שטיצען און אויפהויבען אלע אונטערדריקטע, און צו דער אייגענער מאמע גע־בליבען א פרעמדע. שפעטער ווען פרידא פלעגט אמאל זיצען שפעט ביינאכט און ווארטען אויף איהר מאן, פלעגט זי אפט באַ־דויערען איהר פריהערדיגע באנעהמונג צו איהר מוטער, דאן האט זי ערשט באגריפען, אז זיי זיינען זיך כמעט פרעמדע, און אויפ'ן ארט פלעגט זי באשליסען צו ווערען ווארעמער, צו ווערען א פריינ־דין צו דער מאמע, אבער דעם צווייטען טאג איז זי שוין ווידער געווארען אזוי שטארק פארנומען אז זי האט אן דעם פארגעסען.

און איצט ווען פרידא איז אין איהר פארצווייפלונג געקומען צו דער מאמע, באמערקט זי ווי בלוי דער מאמעס אויגען זיינען און ווי יונג אין פארגלייכען מיט איהר געעלטערט פנים !

און זי וואונדערט זיך; פארוואס רעדט קיינמאל ניט די מאמע פון איהר יוגענד ?

א סעקונדע שפּעטער וואונדערט זי זיך וואָס זי טראַכט איצט ניט וועגען וויכטיגערעס?

און פון אַט די געדאַנקען האָט זי אויפגעוועקט דאָס שאַרפע קלינגען פון טעלעפאָן און אויף איהר „האַלאָ" האָט געענטפערט איהר מאַנ'ס אויפגערעגטע שטימע פון יענער זייט דראָט.

— וואָס־אַר מין פאַרשטעלונג איז דאָס? — האָט געפרעגט עדוואַרד אין זעהר אַן אויפגערעגטען טאָן.

פרידא האָט ניט געענטפערט.

— ווילסטו קומען אהיים? — איז געקומען זיין שטימע, פרע־גענד, דרינגענד, באַפעהלענד איבער דעם טעלעפאָן.

— ניין. — האָט פרידא קורץ געענטפערט און זיך שטאַרק געוואונדערט איבער זיך אליין.

— כ'האָב אימער געוואוסט ביזט א נאַר, אבער אויף דעם האָב איך זיך ניט גערעכט!

— כ'וויים, ווען דו ריכסט זיך אמאָל, וואָלט איצט ניט געקו־מען דערצו. — האָט זי געענטפערט.

ער האָט עטליכע סעקונדען געשוויגען, דאַן האָט ער אין א פיעל ווייכערען טאָן געפרעגט:

— ווילסטו קומען אהיים?

— ניין.

— אבער איך באַגרייף דאָס אַלץ ניט, מיט וואָס האָב איך זיך פאַרזינדיגט?

— אויב דו ווייסט אַליין ניט קען איך דיר אויף דעם ניט ענט־פערען.

— זאָל איך אריבערקומען און מיר וועלען זיך דורכרעדען? — האָט ער געפרעגט.

— ניין, ניין, ניין! — האָט זי שנעל געשריען א דערשראָ־קענע, אין דער סעקונדע האָט זי זיך געפיהלט אזוי שוואַך...

ער איז געוואָרען שטאַרק אויפגערעגט, ער האָט ניט פאַרשטאַ־נען איהר שוואַכקייט, ער איז געווען זיכער דאָס שטויסט זי איהם אוועק פון זיך. ווען ער וואָלט דאַן פאַרשטאַנען די פאַרצווייפלונג

אין איהר שטימע וואלט זיך אלץ דאן געענדיגט, אבער דאס שיק־זאל האט אנדערש געוואלט.

— זאל זיין ווי דו ווילסט! איך בין זיכער דו ווייסט היינט ניט וואס דו רעדסט! וואס פאר א רעכט האסטו ביי מיר צוצו־נעהמען די קינדער? זיי זיינען דאך מיינע? איך גיב דיר *פיער און צוואנציג שטונדען* צו קומען אהיים, און אז דו וועסט ניט קומען וועל איך נעהמען געזעצליכע שריטע געגען דיר, איך וויל מיינע קינדער! —

די לעצטע ווערטער האט ער קוים וואס ארויסגעפרעסט פון צווישען די צייהן.

א מיעדע האט פרידא אויפגעהאנגען דעם רעסיווער. זי האט גוט געקענט איהר מאן, זי האט געוואוסט, אז ער מיינט יעדעס ווארט וואס ער זאגט.

א קעלט איז אריבערגעלאפען איבער איהר קערפער: „געזעצ־ליכע שריטע“, וועט ער מאכען אן עפענטליכען סקאנדאל?

אין איהר אינערליכען קאמף האט זי זיך ווייניג געקימערט מיט דער עפענטליכקייט, עס פלעגט זיך איהר אויסווייזען, אז קיי־נער וועט ניט וויסען, און ווייטער האט זי ניט געטראכט.

זי האט ניט געוואוסט, אז אזעלכע זאכען ווייסט מען זעהר שנעל, אז איהרע „בעסטע“ פריינד וועלען זיך וועגען דעם סוד'ן און וועלען זוכען א „לעבעדיגע אורזאכע“ פאר איהר טאט און אז די קינדער איהרע ווען זיי וועלען אויסוואקסען וועלען דארפען ליידען, ווייל די „וועלט“ פארצייעט זעלטען אזעלכע טהאטען.

איצט אין איהר פארצווייפלונג האט זי אזוי ליעב באקומען די מאמע; זי איז ניט געשטאנען און געקוקט איהר אין מויל אריין און אין די אויגען און געפרעגט פראגעס. די מאמע האט פאר־שטאנען.

דאס קליינע קינד האט שוין געשלאפען און די באבע האט איצט דעם אינגעלע א מעשה דערצעהלט און ביי יעדען צווייטען ווארט אריינגעשטופט א לעפעלע קאשע אין מויל.

באַלד איז געוואָרען אין גאַנצען שטיל און פון אַ דערבייאיג צימער האָט זיך געהערט דאָס רוהיגע אָטעמען פון בייחע קינדער.

— וואָס זיך אַרום וועלען מיר געהן עסען. — האָט געזאָגט די מוטער.

פרידאַ האָט ליכט אויפגעציטערט און עפּעס מיט פרעמדע אויגען געקוקט אויף דער מאַמע: „פון עסען רעדט זי, גאָט מיינער ווי קען זי איצט רעדען פון אַזעלכע וואָכעדיגע זאַכען ? !„האָט זי געטראַכט און געענטפערט:

— כ'קען ניט עסען.

די מוטער האָט זיך אוועקגעזעצט און אָנגעכאַפּט פרידאַ'סביידע הענט.

— כ'האָב דיך אָנגעהויבען צו באַוואונדערען פאַר אַט דער שטאַרקייט דיינער, כ'וויים ניט אויב דו ביזט גערעכט אָדער אומגערעכט, איך וויל איצט וועגען דעם ניט רעדען, נאָר איך ווייס אַ פרוי דאַרף האָבען זעהר אַ סך קוראַזש צו טאָן דאָס וואָס דו האָסט געטאָן, אפשר האַלב פרויען פון דער וועלט ריכטען עס זיך צו טאָן, אָבער האָבען ניט גענוג קראַפט אויסצופיהרען זייערע פּלענער. דו ביזט אַן אויסנאַהם, טאָ ווילסטו אָנהויבען מיט היס־טעריקע און מיט ניט עסען ? באַגרייפסטו ווי שטאַרק דו וועסט איצט דאַרפען זיין ?

און אַז פרידאַ האָט געשוויגען האָט די מוטער פאָרטגע־זעצט:

— אויב דו ביזט ערנסט אין דיין באַשלוס טאָ האָסטו דאָך איהם מעהר ניט ליעב ? דאַרף ביי דיר היינט זיין אַ יום טוב. און אויב דו האָסט איהם נאָך ליעב טאָ דאַרפסטו געהן צוריק צו איהם.

פרידאַ האָט ערשט געוואָלט שרייען צו דער מאַמען: „שווייג! שווייג !" זי האָט זיך אָבער פאַרשעהמט, עפּעס האָט זי אַליין ניט פאַרשטאַנען, און זי האָט כמעט אין אַ באַפעהלענדען טאָן גע־זאָגט:

— מאַמע כ'וועל זיך איצט ניט אַנאַליזירען. —

— אפשר ביזמו גערעכט. — האט די מוטער געענטפערט.
יענעם אבענד האבען זיי קיין נאכטמאל ניט געגעסען.
אין פרידא'ס עראינערונגען וועט די נאכט בלייבען די לענג־סטע, די שרעקליכסטע.
אין איהר ברוסט איז געווארען אזוי ענג ווי זי וואלט וועלען רייסען אייזענע טירען... עס האט זיך איהר געוואלט לויפען, עפעס א מין דראנג האט איהר געשטופט אין דאס אומבעקאנטע.
און ווען זי האט ביי דער גרויקייט פון אנקומענדען טאג באטראכט די רוהיגע פנים'לאך פון איהרע קינדער, האט זי זיי מקנא געווען: זיי חלום'ן אפילו ניט, אז זייער שיקזאל איז אין וואגשאל!

---

# אן אפמאך.

איבערנאכט איז אויסגעפאלען א שנעע און עס איז געווארען זעהר קאלט.
פרידא איז א גאנצען פריה־מארגען געווען פארנומען מיט די קינדער, גערעדט האט זי מיט די מוטער וועגען וועטער און די מוטער האט געקוקט אויף פרידא'ס בלאס פנים, אויף די בלויע רינגען ארום די אויגען, וועלכע דערצעהלען וועגען א שלאפלאזע נאכט און האט אויך גערעדט וועגען שנעע, וועגען קאלטע רעדי־אייטארס און א קארגען לענדלארד.
ביידע האבען געטראכט וועגען דער זעלבער ברענענדער פראַגע און גערעדט וועגען וואכעדיגע זאכען...
ארום מיטאג צייט ווען די קינדער האבען געשלאפען, האט פרי־דא אנגעשריעבען דאס פאלגענדע צעטעלע:
„עדוואַרד!
„איך בעט דיך זעהר זאלסט ניט האנדלען אין דער אויפרעגונג פון דעם מאמענט, איך וויל זעהר ניט, אז אונזערע קינדער זאלען

שפּעטער דאַרפן לײדן דערפון. מײַן האַנדלונג איז דער באַשלוס פון אַ היבש לאַנגען קאַמף, עס קען אַנדערש ניט זײַן. די קינדער װעלן אױפװאַקסן װעלן זײ צו אונז בײדן געהערן, דערװײַל באַנוציגן זײ זיך אין דער צערטליכקײט פון אַ מוטער. איך בעט דיך בלײַב מײַן פרײַנד.

פרידאַ.״

נאָך דעם װי זי האָט דאָס בריװעל אַװעקגעשיקט, האָט זי עס געװאָלט צוריקרופן, זי איז געװען זיכער, אַז זי האָט ניט געשרי־בען אַ י י ן װאָרט װאָס זאָל זיך פּאַסן צו דער װיכטיגקײט פון דער סיטואַציע, אָבער דער „מעסענדזשער באָי״ איז שױן געהאַט אַװעק און אַלץ װאָס זי האָט געקענט טאָן איז װאַרטן אױף אַן ענטפער.

זי האָט זיך פאַרגעשטעלט װאָס עדװאַרד טראַכט װען ער זעהט דעם „מעסענדזשער באָי״: „די אױסברענגערײ״, ער איז געװען קאַרג און אָפט זעהר קלײנליך צוליעב עטליכע סענט, האָט געמעגט זײַן די לאַגע װי אַן ערנסטע, האָט ער זיך געװעהנליך באַנוצט מיט אַלטע לאַנגזאַמע מיטלען כדי די קאָסטען זאָלן זײַן קלײנע.

פרידאַ׳ן פלעגט דאָס אַזױ פאַרדריסן. זי האָט אַ לענגערע צײַט געאַרבײט צװישן מענער, װעלכע האָבן זיך שטענדיג גע־אײַלט, װעלכע זײַנען געװאַקסן צוזאַמען מיט דער צײַט און זיך זעלטען געדעכנט מיט קלײן געלד. און עס איז איהר דערפאַר געװען זעהר שװער זיך צו געװאױנען צו איהר מאַנס עקאָנאָמישע מעטאָדען און דערפאַר טאַקע איצט, אין די ערשטע שטונדען פון איהר פרײַהײט האָט זי באַשלאָסן אָנהױבן איהר לעבן אױף אַן אַנדער אופן, פיהרען זיך װי װיכטיגע מענשען פיהרען זיך און װערן אַ װיכטיגער מענש.

זי איז ניט געװען קײן אױסברענגערין, אָבער זי האָט פײַנט געהאַט קלײנליכקײטען, עס האָט איהר געשטופּט דער דראַנג פון לעבן צו עפּעס העכערעס.

קוקענדיג איצט אױף די קױם ריהרענדע הענטלאַך פון זײַגער האָט זי זיך געפרעגט „װאָס װעט ער ענטפערן ? !״

זי האָט שטאַרק מורא געהאַט פאַר זיין ענטפער, וועט ער ביי איהר וועלען צונעהמען די קינדער ? אפשר יאָ, אפשר וועט ער די קינדער האַלטען פאַר א בייטש איבער איהר, ער ווייסט דאָך זעהר גוט ווי ליעב זי האָט די קינדער. אַז זי וועט זיך פון זיי ניט שיידען, אַז זי וועט מוזען קומען צוריק.

ניין, דאָס וועט זי ק י י נ מ אָ ל ניט טאָן.

און זי נעהמט צוגליעדערען איהר מאַנ'ס שוואכקייטען, ווי אזוי וועט זי איהם קענען שטראָפען ווי אזוי וועט זי איהם קענען צו־ריקשרעקען ?

זיינע באַשטימטע געוואוינהייטען, זיין רוה און שלאָף וואָס איז ביי איהם אזוי וויכטיג, זיין אומגעהייערע אייגען ליעבע.

יאָ, זי וועט איהם דערצעהלען וועגען שלאָפלאָזע נעכט, וועגען קינדער־קראַנקהייטען ! אפילו זיין מוטער וועט נעהמען די קינ־דער וועט ער דאָך איהר מוזען העלפען מעהר ווי ער האָט פרידא'ן געהאָלפען, ערשטענס, ווייל זיין מוטער איז אַלט און צווייטענס, ווייל זי איז א קרוב מיט איהר זוהן, זי האָט זיך אליין אויך אָם ליעבסטען.

און ווען דער „מעסענדזשער באָי" ברענגט איהר די שורות : „דו ביזט א נאַר ! איך קום באַלד נאָך די קינדער." שמייכעלט זי צופריעדען, ווייל זי איז איצט גרייט זיך אפילו צו שלאָגען מיט איהם פאַר איהרע קינדער, און דער בייטש וועט זיין זעלבסט ליעבע :

אום אויסצומיידען סצענעס, בעט זי די מוטער זי זאָל נעהמען די קינדער אויף א ביסעל לופט.

אין דרויסען זעהט דער שנעע אוים אזוי הערליך ווייס, די קלאָהרע ווינטער זון גיט איהם צו אזוי פיעל חן ווי א שלייער פאַר א כלה.

און פרידא זאָגט :

— מאַמע, וועסט געהן אין פּאַרק, דאָרט איז שעהן. — און זי טראַכט : „דאָרט וועט זיי עדוואַרד ניט זעהן. באַבי וועט שטאַרק בענקען."

ווען זי האט א האלבע שטונדע שפעטער געעפענט די טיר און אריינגעקוקט אין איהר מאנס אויפגערעגט פנים איז זי געווען איבערראשט פון זיין בלאסקייט און עס האט איהר עפעס ווי א צאפעל געטאן ביים הארץ, אבער אזוי ווי דאס גראבע ווארט „אידיאט" איז געפאלען פון זיינע ליפען איז פרידא'ן געווארען שטארק קאלט, איהר קערפער איז געווארען שטייף און עס האט זיך איהר אויסגעוויזען, אז זי וועט מעהר ניט קענען איינבייגען איין גליד אפילו. אין קאפ האט געגומען האמערען: „וואָרף איהם ארויס, וואָרף איהם ארויס!"

און אז זי האט ניט געענטפערט האט ער ווילד געפרעגט:

— וואו זיינען די קינדער?

און אז זי האט וויעדער געשוויגען האט ער זיך אויסגעצויגען גאנץ הויך איבער איהר און פרידא'ן האט זיך אויסגעדוכט, אז אט וויל ער איהר א ביס טאָן.

„ווי מיאוס ער איז! אזוי ווילד האט זי איהם נאך קיינמאל ניט געזעהן", האט זי געטראכט און זיך געוואונדערט ווי זי קען זיין אזוי רוהיג.

— איך וואלט דיך איצט געקענט דערווארגען! — האט ער ווילד מיט צונויפגעפרעסטע צייהן געזאגט.

אין דער מינוט זיינען אלע איהרע אמביציעס ווי אפגעמעקט געווארען, דאס גאנצע לעבען איז געווארען איין גרויע מאסע, זי האט פיינט געקראגען זיך, די קינדער, איהם, אלץ! און ענט־שלאסען האט זי אויסגעשטרעקט איהר ווייסען האלז צו איהם:

— ווארג!

ווען זי האט דערפיהלט זיינע פינגער אויף איהר האלז זיינען זיי געווען אייז־קאלט. זי האט זיך דערשראקען, אבער די פינגער האבען ניט געדריקט, צערטליך האבען זיי איהר ארומגענומען און געשלעפט צו זיך.

איצט האט זיך פרידא נאך מעהר דערשראקען...

— עדווארד, לאז מיך!

— איך האב דיך ליעב!

— ביזט א ליגנער !

איצט האט ער אפגעלאזט איהר האלז און א פארשעהמטער צוגעדעקט מיט ביידע הענט זיין פנים.

פון צווישען זיינע שטארקע מענערשע פינגער האבען דורכ־געדרונגען טרעהרען און זיין קערפער האט זיך געטרייסעלט פון א דערשטיקטען געוויין.

דאס צווייטע מאל אין זייער גאנץ פארהייראט לעבען, אז זי זעהט איהם וויינען. אפילו ווען דאס קינד איז געווען אזוי שטערב־ליך קראנק האט ער זיך אויך קאנטראלירט. נאר דאן ווען זי איז צו קינד געגאנגען מיט באבי'ן, ווען זי איז געווען מעהר אויף יע־נער־וועלט ווי אויף דער, איידער מען האט איהר געגעבען דעם שלאפגעטראנק האט זי געזעהן עדי'ן שטעהן ביי דער וואנט און עס האט זיך איהר אויסגעוויזען, אז אפילו די וואנט שאקעלט זיך פון זיין געוויין, און נאך דעם ווי ער זאל ניט געווען זינדיגען געגען איהר האט זי בלויז געדארפט א טראכט טאן וועגען דעם געוויין —

איצט אויך האט זי געפיהלט ווי דער שטאל אין איהר קער־פער ווערט צולאזען, ווי עס ווערט איהר ווארעמער...

— עדי, דו ביזט ניט אין גאנצען שולדיג. — האט זי אין א ווייבערען טאן געזאגט.

און אז ער האט זיך אוועקגעזעצט האט זי שטיל געזאגט:

— איך האב ניט געמאכט אן ערפאלג פון מיין פארהייראט לעבען, אז ערפאלג וואלט געווען ווען איך מאך פון דיר א שקלאף — און איך בלייב שטעהן און די הערשעריז, אט דאס מיינט ער־פאלג אין פארהייראטען לעבען! ביי אונז איז פארקעהרט: איך זאג ניט, אז דו ביזט אינגאנצע שולדיג, ניין, ס'איז דאס לעבען. דאס לעבען האט פון מ י ר געמאכט א שקלאף, א ווינדעל־וואַ־שעריז, א מאשין וואס טוט די ארבייט פון דריי אנדערע און איך בין געווארען מיעד.

— איך בין יא שולדיג, כ'וועל זעהן ס'זאל דיר זיין לייכטער — האט ער געזאגט.

פרידא האט זיך ביטער צולאכט.

— דער אמת'ער מאן ! אלץ פארגעסען ! איך זאל קומען אהיים ? און די לעצטע פיער און צוואנציג שעה ? פאר מיר א ביטערע עראינערונג פאר דיר א נארישע פאסירונג ! דער אומ־גליק איז אבער, אז איך בין ניט נאר א פרוי, איך בין א מענש מיט א טעמפעראמענט. א מענש וועלכער האט א ביסעל אינדי־ווידואליטעט, און אט דאס טרייבט מיך, כ'וויל זיך ענטוויקלען, כ'וויל ווערען א ביסעל מעהר ווי דיין פרוי

— איך וועל דיר העלפען, פרידא !

— נארישקייטען, ביידע זאכען פאסען זיך ניט — זיין דיין פרוי און זיך ענטוויקלען ? די פארגאנגענהייט האט מיך אנדערש געלערנט ! דו ביזט געווען א צו שטארק באזיצענדער מאן ! און די קינדער, די קינדער האבען פארלאנגט אבסאלוטע אויפמערק־זאמקייט. איך בין געווארען א מאשין, מיין פערזענליכקייט איז פארגעסען געווארען און דו מיט דיינע גראבע וועגען האסט גע־האלפען מיך שטופען ארונטער. ווען דו וואלסט געווען א ביסעל פיינער, א ביסעל פריינדליכער וואלט איך אפשר קיינמאל ניט אויפגעוואכט, אבער איצט איז צו שפעט, איצט וואלט איך געווען א פארברעכעריז, ווען איך וואלט געגאנגענע צוריק, ווייל ס'וואלט מיר אויסגעקומען צו זאגען ליגען. מיין גאנץ לעבען וואלט גע־ווארען א מיאוס'ער ליגען.

נאכדעם האבען ביידע א לענגערע צייט געשוויגען. ער האט ענדליך באגריפען, אז זי איז זעהר ערנסט אין איהר באשלוס און זי איז געווען זיכער, אז איהרע ביטערע ווערטער וועט זי ניט צור־ריקציהען, אז ער וועט עס מעהר ניט פארלאנגען. זי האט גע־וואוסט ווי שטאלץ ער איז און איז געווען זיכער מיט דעם איינ־דרוק, וואס די ווערטער מאכען אויף איהם איצט און טאקע דא־ריבער האט זי זיך צו ביסלאך גענומען באוואפענען מיט א בייטש.

— טא וואס וועט זיין ? — האט ער ענדליך אין א טעמפער שטימע געפרעגט.

— אז דו ווילסט די קינדער, וועל איך זיי דיר געבען ! — האט זי איצט געזאגט.

ער איז אזוי איבערראשט געוואָרען פון די ווערטער, אז ער האָט גענומען קוקען אויף איהר ווי אויף א ווילד פרעמדער און דאן האָט ער לאנגזאם געזאָגט:

— כ'האָב מורא, פרידא, אויב... אויב ס'רייצט דיך ניט אימיצער.

זעהר אונזיכער האָט ער ארויסגעזאָגט די ווערטער און דורכ־דרינגענד געקוקט אויף איהר, אָבער דער אויסדרוק אין איהרע בלויע אויגען האָט איהם צופרידענגעשטעלט און ער האָט פאר־שעהמט געזאָגט:

— ענטשולדיג.

און זי האָט עטליכע מינוט שפּעטער געזאָגט:

— כ'זעה ניט וואָס דו רייסט זיך אזוי מיט מיר וועגען די קינדער. דו ווייסט דאָך, ס'וועט זיין שווער, און אז דיין מאמע וועט זיי נעהמען, איז זי דאָך א שוואכע, וועסט איהר מוזען העל־פען. זיי שלאָפען זעלטען אוים א נאכט. באבי איז דאָך שוואך און מילי מאכט צייהנדלאָך און אז ס'קומט א קראנקהייט — — —

— דיר וועלען זיי דאָך אויך שטערען אין דיין קאמף פאר ענטוויקלען זיך! — האָט ער איראָניש געזאָגט.

און פרידא האָט אינערליך געשמייכעלט. איהר בייטש האָט געווירקט.

— ניין, ניט מעהר, א פרוי איז נאַטירליך געניינט צו די זאכען, און דו ווייסט דאָך, ווי פעהיג מיין מוטער איז. אָבער שלאָגען וועל איך זיך ניט מיט דיר צוליעב זיי, און איך וויל ניט ס'זאָל קומען צו אן עפענטליכען סקאנדאל. כ'וויל, מיר זאָלען זיך שיי־דען גוטע פריינד.

זי האָט געוואָלט זאָגען: „גוטע פריינד צוליעב די עט־ליכע זיסע מאָנאטען מיט יאָהרען צוריק". זי האָט געוואָלט זאָגען נאָך א סך זאכען, אָבער זי איז געווען צופרידען מיט דער וויר־קונג פון איהרע רייד און זי האָט איצט געשוויגען.

ער האָט איצט געזאָגט:

— אפשר ביזטו גערעכט. קינדער מוזען האָבען א מאמע.

אז ער איז געבליבען זיצען האט זי שטיל געזאגט:

— איך דענק, זאלסט איצט בעסער געהן. באבי איז נאך שוואך, כ׳וויל ניט,ער זאל זיך אויפרעגען.

זי האט באמערקט ווי בלאס ער איז געווארען, און זי האט זיך דערפרעהט. פארוואס ? זי האט איצט אליין ניט געוואוסט...

— און וועגען געלט ? — האט ער געפרעגט.

— איך... — האט זי אויפגערעגט עפעס געוואלט זאגען, אבער ער האט זי אונטערבראכען.

— דו ווילסט אודאי זיין א העלד. מ י י נ ע קינדער וועל א י ך געבען צו עסען ! דו קענסט זיך זיין פריי, אומאפהענ־גיג, אבער פאר זיי שיק איך א טשעק יעדע וואך — האט ער געזאגט און שנעל גענומען פארקנעפלען זיין ראק.

ווידער א לאנגע פויזע.

— גוד־באי, פרידא ! — האט ער ענדליך געזאגט, אויסשטרע־קענדיג א האנט.

פרידא האט באמערקט, אז זיין האנט ציטערט, און איהר איז געווארען אזוי ענג ארום איהר הארץ. און אז זי האט איהם גע־געבען איהר האנט, האט זי זי געהאלטען לויז, אז ער זאל ניט פיהלען איהר שטארקע קאלטקייט.

— גוד־באי ! — האט זי שטיל געזאגט, און איידער ער האט נאך גוט פארמאכט די טיר, האט זי שוין א היסטערישע זיך אנ־געהאלטען אן דער וואנט און ביטער געוויינט. איהרע שטארקע הענט זיינען געווארען ווארימער, די פינגער פיבעריש, הייס, זיי האבען געוואלט דריקען, אבער די באריהרונג מיט דער קאלטער וואנט האט זי דערשראקען.

# דער שטאַרקסטער רינגעל פון׳ם קייט.

עפּעס האָט זיך פרידא׳ן איצט אויסגעוויזען, אַז איהר לעבען איז אַ ליגען.

די טעג זיינען געווען לאַנגע, אַנגעצויגענע, די מאַמע האָט זיך אַזוי פיעל אָפּגעגעבען מיט די קינדער, אַז פרידא, וועלכע איז געווען געוואוינט צו שטענדיגער ארבייט, האָט זיך געפיהלט לאַנג־ווייליג און האָט צופיעל געטראַכט.

די נעכט זיינען גאַר געווען אונערטרעגליך, ווענ[י]ג שלאָף און שלעכטע חלומות.

פרידא האָט זיך אַליין ניט פאַרשטאַנען וואָס בענקט זי? האָט זי איהם נאָך ליעב אָדער איז עס אַ געוואוינהייט פון יאָהרען?

און טראָצדעם אַלעם האָט זי זיך אַנגעהויבען צו פיהלען שטאַרקער פיזיש, די מאַמע מיט איהרע געניטע הענט האָט געהאָלפען, דער טיש איז געווען געגרייט און דאָס עסען איז געווען געשמאַק און פרידא פלעגט דאַן טראַכטען וועגען יענע טויזענדע אומגליקליכע פרויען, וועלכע האָבען ניט אַ מאַמע צו וועמען צו לויפען...

און דאָך האָט זי איצט ווידער געפיהלט ווי צו לויפען, לויפען אַוועק פון זיך אַליין... עפּעס האָט זי זיך געשראָקען...

דאַריבער ווען עדוואַרד האָט איהר אָפּגערופען זי זאָל קומען אין דער וואוינונג און פאַראַרדענען מיט דעם מעבעל ווי זי וויל אַליין, האָט זי זיך אָפּגעבעטען. זי האָט שטאַרק מורא געהאַט פאַר דער אַטמאָספערע...

עדוואַרד האָט אָפּגעשיקט די קינדערס בעטלאָך און נאָך אַ סך באַקוועמליכקייטען, וועלכע האָבען פרידא׳ן דערמאַנט אַן אַ סך זיסע שטונדען. צום ביישפּיעל, דער דריי־עקיגער שפּיעגעל פון איהר שלאָף־צימער, וויפיעל מאָל האָט זיך עדי אריבערגעבויגען און איהר אָפּגעפּרעסט אַ קוש אין האַלז, אָדער אין אויער ווען זי האָט געקוקט אין שפּיעגעל, אָבער דאָס איז שוין געווען אַזוי לאַנג!

פרידא'ן האט זיך אויסגעוויזען, אז יענע צייטען האבען באלאנגט צו אן אנדערער, צו א פריהערדיגער וועלט.

דאס איבעריגע מעבעל האט ער אוועקגעשטעלט אין סטארעדזש און איהר געשיקט דעם שליסעל און ווען פרידא האט דורך דעם טעלעפאן געפרעגט „צו וואס" ? איז ער דאס ערשטע מאל זייט יענעם טאג ווען ער האט זי געוואלט ווארגען — געווארען בייז און געענטפערט „הענג דיך אויף דערמיט !"

און פרידא האט זיך צולאכט, עפעס האט איהר איצט הנאה געטאן וואס ער איז בייז.

יענעם אווענד ווען באבי האט דערזעהן זיין בעטעלע האט ער געפרעגט :

— מיר שוין וואוינען דא ?

— יא מיין קינד. — האט די באבע געענטפערט, און ער האט געפרעגט פרידא'ן ווי ער וואלט עפעס פארשטאנען :

— און דער פאפא וועט ניט שלאפען דא ?

— ניין.

— וואו וועט דער פאפא שלאפען ?

— ביי זיין מאמע. — האט פרי דא געענטפערט.

— און דו וועסט שלאפען ביי דיין מאמע ?

— יא.

ער האט א ווייל געטראכט, דאן ווי ער וואלט דאס אלץ באגריפען האט ער שווער אפגעזיפצט.

נאך דעם האט פרידא באמערקט, אז ער האט א היבש שטיק צייט ניט געשמייכעלט. אין יענער שטונדע האט זי געפיהלט ווי דאס הארץ ווערט איהר אויף שטיקער צוריסען.

„זיי האבען זיך אזוי ליעב געהאט און דו האסט זיי צושיידט!" — האט איהר איצט געהאמערט אין קאפ. — חברים זיינען זיי געווען, איך האב אזוי ליעב ווען א זוהן מיט א טאטע לעבען ווי חברים", — האט זי ווייטער געטראכט. און אין דער מינוט האט זי געפיהלט א ביטערען האס צו איהר מאן ; — „ער מיט זיינע גראבקייטען, מיט זיין אויפפיהרונג צו מיר האט ער מיך אוועקגע-

שטויסען ! און ווען איך בלייב ?" — האָט זי זיך איצט געפרעגט.
— „ווען איך בלייב וואָלט באָבי מ י ד און איהם געהאַסט ווען ער וואַקסט אויף און באַגרייפט דעם אַרט פון אונזער צוזאַמענ־לעבען.

א ביסעל שפּעטער האָט באָבי געפרעגט:
— אָבער דער פּאַפּא וועט קומען אַהער עסען ?
— ניין.
— פאַרוואָס ? ווייל ער וויל זיין א גוד באָי און עסען וואָס זיין מאַמע קאָכט ? — האָט דאָס קינד געפרעגט. — יעס, דאַרלינג.
— האָט פרידא געענטפערט און זי איז אַוועק אין א צווייטען ציּ־מער אָפּווישען די טרעהרען.

ווען זי איז צוריקגעקומען האָט זי באַלד געזעהן, אז דאָס קינד באַריהרט ניט זיינע שפּיעלעכלאַך. ער זיצט און טראַכט, וואָהר־שיינליך פון דער זעלבער פראַגע, און אַזוי ווי ער האָט זי דער־זעהן האָט ער איהר געפרעגט:
— מאַמאַ, ער וועט שוין ניט זיין דיין „סוויט־האַרט" ?
— ווער ?
— דער פּאַפּא.

דאָס קינד האָט איהר ביי דער פראַגע אריינגעקוקט אין די אויגען. פרידא'ס פּנים איז פאַרלאָפען געוואָרען מיט א דונקעלער רויטקייט. זי האָט זיך פאַרשעהמט פאַר איהר פיער יעהריגען זוהן. שטיל האָט זי געענטפערט:
— יעס, דאַרלינג. — און געטראַכט צו וואָס מאַכען דאָס קינד ליידען ?

אין יענע נאַכט ווען זי האָט איהם געלעגט שלאָפען, האָט ער זי געבעטען זי זאָל זיך מיט איהם צולעגען און ווען זי האָט זיך אַוועקגעלעגט האָט ער צוגעלעגט זיין קליין פּנים'ל צו איהר און שטיל געפרעגט:
— ווען וועט פּאַפּא קומען ?
— דו וועסט געהן צו איהם.
— ווען ?

— זונטאג.

— דו אויך מאָדהער ?

— ניין, דארלינג.

— פארוואס ?

— ווייל, איך מוז בלייבען מיט מ י י ן מאמע. — האָט זי שטאַמלענדיג געענטפערט און געבעטען דאָס קינד: — שלאָף שוין באבי.

— איך קען ניט מאָדער. מאָדער ווען וועט זיין זונטאג ?

— נאָך שבת.

— איך מיין וויפיעל טעג. ווארט איך וועל אליין צעהלען וואס איז היינט, מאָדער ?

— דינסטאג, וועסט צעהלען מארגען, באבי שלאָף שוין איצט.

און ווען פרידא האָט געדענקט, אז ער שלאָפט שוין לאנג האָט זי איהם געהערט שטיל צעהלען:

— פראידעי, סאָנדעי, נאָ סאטורדעי, סאָנדעי.

און יענע נאכט האָט זי ווידער ניט געשלאָפען.

---

# נייע זאָרג.

פרידא האָט זיך די טעג געפיהלט ווי עס וואלט אויף איהר געלעגען א טיעפע מרה־שחורה, זי האָט ניט געקענט דענקען וועגען דער צוקונפט. עס איז שוין באלד א וואָך, אז זי האָט צוריסען איהר הייראטס־בונד און זי האָט ביז היינט נאָך אפילו ניט א טראכט געטאָן וועגען ארבייט און היינט זיינען די געדאנקען גע־קומען מיט א מין שטורם אין פנים.

„הונדערטע סטענאָגראפיסטינס פארלירען זייערע שטעלען“. האָט זי געלעזען אין צייטונג און עס איז איהר א ביסעל קאלט געוואָרען, זי האָט זיך דערמאָנט אַן איהר באָסעס ווערטער: „אז אַן ארים מאַן וויל טאנצען רייסט זיך אָפּ די סטרונע“.

ערשט איז געווען אזעלכע גליקען פאר סטענאגראפיסטינס. זי האט געהערט ווי די פארדינט דרייסיג דאלאר און יענע גאר פערציג דאלאר א וואך און איצט איז גאר ניט געווארען.

אבער ווען זי האט זיך דערמאנט אן דער אורזאך, זיך דער־מאנט, אז די אלע סטענאגראפיסטינס ווערען איצט ענטלאסען פון דער רעגירונג, ווייל די מלחמה איז צו ענדע און דערמיט ענדיגען זיך די פארשיעדענע גרויסע מלחמה ארבייטען, האט זי זיך אזוי שטארק געפרעהט, אז איהר אייגענע פראבלעמע איז געווארען ניט וויכטיג.

איין זאך איז זי געווען זיכער, אז דער מארק וועט איצט ווע־רען פארפלייצט מיט סטענאגראפיסטינס און עס וועט זיין זעהר שווער צו באקומען ארבייט.

אבער צו איהרע פריהעריגע פריינד האט זי זיך דאך ניט גע־וואלט ווענדען. דערצעהלען זיי איהר דורכפאל? ניין, זי וועט אויסמיידען ווי ווייט מעגליך מענשענס מיילער.

און באלד האט זי זיך גענומען צו דער ארבייט; אין אן עלמער אויף דעם זעלבען פלאץ וואו זי האט עס מיט פינף יאהר צוריק באהאלטען — האט זי געטראפען איהר אלטע „טאיפ־ראי־טינג" מאשין און מיט דעם קליינעם קינד אויף די הענט האט זי זיך גענומען פראקטיצירען, זעהן אויב איהרע, פון הויז־ארבייט פארגרעבטע פינגער קענען נאך אזוי שנעל פליהען איבער די שליס־לען ווי אמאל.

אין אנהויב איז געווען שווער, און דאס קינד האט זיך א ביסעל געשראקען, אבער באלד האט דאס מיידעלע אנגעהויבען צו לאכען, עס איז איהר געפעלען דאס מאנאטאנע קלאפען פון דער מאשין און פרידא'ן איז אויך לייכטער געווארען די ארבייט.

דאס שווערע איז געווען „שארט הענד", דאס האט אימיצער גע־דארפט דיקטירען צו איהר און ווען איהר יונגער ברודער האט גע־גומען דיקטירען יענעם אווענד איז פרידא געווארען שטארק נער־ווען, ער האט דיקטירט ווי ער האט געלעזען פון בוך, איין מינוט

שנעל ווי א ראשיג וואסער און באלד ווידער לאנגזאם, מעכאניש, חדר־מעסיג.

זי האט אנגעשריבן עטליכע בריעף, געענטפערט אויף אנאנ־סען פאר שטעלען און יענעם אווענד האט זי דאס ערשטע מאל גערעדט מיט איהר מוטער וועגן דער צוקונפט.

— מאמע, איך וועל מוזען געהן ארבייטען, ווי וועסטו אויס־קומען מיט די קינדער ?

— דאס איז גארניט אבער איך בין זיכער, אז הענרי וועט צוריקקומען פון „ראוד" וועט ער ניט וועלען דו זאלסט ארבייטען.

— נארישקייטען, איך וויל ניט פאלען צו לאסט אויף מיין ברודער ! היינט דארף א הויז א פארמעגען, איך וויל און מוז ארבייטען, אבער ווי וועסטו אויסקומען ?

— זארג זיך ניט פאר מיר.

— אבער די קינדער מוזען האבען לופט און עס וועט זיין שווער. אפשר וואלסטו געשריבן נאך טאנטע בעקי'ן ?

— איך וויל ניט.

— שעהמסט זיך זיי צו שרייבען וועגן מיר ?

— נ־ניין, — האט די מוטער געשטאמעלט

א ווייל שפעטער האט פרידא געפרעגט :

— זאל איך שרייבען ? איך שעהם זיך ניט.

— זיי וועלען דיך ניט פארשטעהן, זיי וועלען זאגען, אז דו האסט ק י י ן רעכט געהאט צו האנדלען אזוי, אז א פרוי מוז בלייבען מיט איהר מאן אונטער אלע אומשטענדען.

— ווי צום ביישפיעל טאנטע בעקי'ס טאכטער, וועמעס מאן האט מעהר געליעבטע ווי פינגער.

— אמת, זי זאגט אבער, אז ער איז רייך, ער פארזארגט זי מיט אלע לוקסוסען און עס איז איהר אזוי פיעל בעסער ווי ווען זי וואלט צובראכען איהר היים און אוועק פון איהם.

— נו טאקע מיט ד ע ם אונטערשייד איך מיך פון איהר ! איך בין זיכער, אז זי האסט איהם און דאך איז זי זיין פרוי ווען ע ר

וויל, און זי רופט זיך אן אנשטענדיגע פרוי! זאג אליין, מאמע, איז זי ניט ערגער ווי א גאסען־פרוי?

מרס. גילבערט האט ניט געענטפערט. א ביסעל שפעטער האט זי געזאגט:

— איך וועל שרייבען נאך בעקי׳ן. עס וועט איהר דא זיין שווערער ווי ביי דער רייכער טאכטער, אבער זי האט זעהר ליעב די קינדער.

און נאך דעם געשפרעך האט זיך פרידא עפעס געפיהלט רייז, האלב פריי, עס האט איהר גענומען ציהען צו דער ארבייט. זעהר שפעט יענע נאכט זיינען איהרע פינגער געפלויגען איבער דער שרייב־מאשין.

און דער ענטפער אויף איהרע אנפראגעס איז געווען, אז יעדע שטעלע איז שוין פארנומען.

---

## זונטאג.

זונטאג וועט ביי פרידא׳ן בלייבען זעהר אן אומאנגענעהמער טאג.

אין יענע ערשטע טעג ווען דער פלאן צו פארלאזען איהר מאן האט ערשט זיך גענומען פארמירען אין איהרע געדאנקען איז די גרעסטע שרעק געווען, אז די קינדער וועלען זיך מוזען זעהן מיט זייער פאטער. די געפיהלען וואס אזא באגעגעניש וועט ארויס־רופען ביי באבי׳ן, וועלכער פארשטעהט שוין עפעס, און איהר טאג אהן די קינדער.

איין זאך איז זי געווען זיכער, אז איינגאנצען אפטיילען איהם פון די קינדער וויל זי ניט און דאריבער האט זי זונטאג גאנץ פריה זיך גענומען צו דער ארבייט.

אויסגעפוצט באבי׳ס ווייסע שיכלעך, זיי ביידען אנגעטאן ווי

דאָלס, געגעבען ווילי'ן א קוואָדער (ווען די מאַמע האָט ניט געזעהן) און איהם געהייסען צופיהרען די קינדער.

דורך דעם פענסטער האָט זי מיט פייכטע אויגען אראָפּגע־קוקט אויף זיי.

דאָס קליינע קינד איז א צופריעדענע געזעסען אין קעריזש'ל און באַבי איז געווען אזוי גליקליך, אז היינט איז זונטאג, אז ער האָט מיט פרייד ארויסגעשריען: „מאָדער היינט איז סאַנדעי".

די קינדער האָבען זייער פאָטער געטראָפען אין גאַס, ער איז געשטאַנען א פארטראַכטער, אנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקען. באַ־בי האָט איהם ערשט דערזעהן און האָט זיך אזא לאַז געטאָן צו איהם, אז ער האָט איהם שיעור ניט אומגעוואָרפען.

די באַגריסונג איז געווען אזא וואַרעמע, אז א ווײַלע שפּעטער ווען זיי זיינען שוין געזעסען אין פּארק, האָט ערשט באַבי דער־זעהן, אז אויף זיין שוואַרצען פוטערנעם קאָלנער פון זיין מאַנטעל בלישטשען עטליכע טראָפּען וואַסער און ער האָט געקוקט אין הי־מעל און זיך געוואונדערט, אז עס רעגענט ניט. טאַ פון וואַנען קומען די טראָפּען אויף זיין קאָלנער? און ווען ער האָט דער־זעהן ווי רויט זיין פאָטער'ס אויגען זיינען, האָט ער מיט דער אָפענקייט פון א קינד, געפרעגט: פּאַפּאַ, האָסטו געוויינט?"

און דער זעכצעהן יעהריגער ווילי, וועלכער האָט זעהר ליעב געהאַט טרויעריגע ראָמאַנסען, האָט צופריעדען געשמייכעלט.

עדוואַרד האָט עס באַמערקט און קאָנטראָלירענדיג זיין אויפ־רעגונג האָט ער צווישען די צייהן געזאָגט:

— ווילי, קענסט געהן אַהיים. אָט איז א דאָלאַר גאָה צו א שאָו נאָכמיטאָג, פארנאַכט קענסטו קומען נאָך די קינדער!

ווילי האָט צוגענומען דעם דאָלאַר און ביי זיך געטראַכט: „א גאַנץ גוטער טאָג".

ביידע, דער פאָטער און דער קליינער זוהן, האָבען זיך אזוי פארשפּיעלט אין פּארק, זיינען געווען אזוי גליקליך איינער מיט דעם צווייטען, אז אפילו אָן עסען האָבען זיי פארגעסען, ביז די

קליינע מילי, וועלכע האט קיין זאך פארשטאנען, האט אנגעהויבען צו וויינען.

דאן איז עדוואַרד אוועק מיט די קינדער צו זיין מוטער.

נים ווייט פון הויז האט איהם א שכנה געפרעגט

— די קינדער זיינען נים אין קאנטרי ?

— ניין, זיי זיינען ביי מיין שוויגער, מיין פרוי מוז האבען רוה. זי איז שוואך. — האט ער געענטפערט. דאן האט ער באַמערקט דעם פארוואורף אויף באבי'ס אויגען. דאס קינד האט פארשטאנען אז דער פאטער האט געזאגט א ליגען. און עדוואַרד האט טיעף פארביסען אין זיין אונטערשטער ליפ: „צום טייפעל מיט ווייבערישע פראגעס, מען דארף הייסען דער מאמע זוכען אנדערע רומס !" האט ער צו זיך געזאגט.

אויבען ביי דער מאמען אין שטוב איז געוואָרען א גרויסע פרייד, יעדער האט געכאפט קושען די קינדער און עדוואַרד האט געשריען: „קושט די הענטעלעך נים דאס פנים !" און אלע האבען געדענקט וועגען פרידא'ן, זי זאגט דאס אימער.

נאך מיטאג איז די מוטער מיט דער שוועסטער ארונטער מיט דעם קליינעם קינד, עדוואַרד איז געבליבען אליין מיט זיין זוהן. ערשט האט ער איהם געלערנט שרייבען ציפערען, דאן האבען זיי ביידע געצעהלט ביז הונדערט. פלוצלינג זיינען זיי ביידע שטיל געבליבען. עדוואַרד האט זיך אליין נים פארשטאנען, וואס פיהלט ער איצט עפעס אזא מין צערטליכקייט צו פרידא'ן ? ער וואלט נאך וועלען רעדען מיט דעם קינד וועגען איהר. ער איז געוועזן זיכער, אז זי פארדינט נים זיינע געדאנקען וועגען איהר. „צו וואס האט איהר געטויגט דאס אלץ ?" האט ער זיך שטענדיג געפרעגט, נים באגרייפענדיג איהרע ליידען. „זי זוכט דאס אומגעוועהנליכע, דאס טעאטראלישע ! און צוליעב דעם מוז איך און די קינדער ליידען !"

באבי האט געפרעגט:

— פאפא, מוזט שלאפען ביי דיין מאמע ?

— יעס, טייערער.

— ווארום האסטו פריהער ניט געשלאפען דא ?

אויף א סעקונדע האט עדווארד ניט געוואוסט וואס צו ענט־פערען, דאן האט ער געזאגט :

— ווייל פריהער האט מיין מוטער זיך ניט געשראקען צו שלאפען אליין.

— טא ווארום קען איך אויך מיט מילי'ן און דער מאמע'ן ניט קומען אהער ?

— ווייל, ווייל, די אנדערע באבע וועט מורא האבען, — האט עדווארד געענטפערט און אין קינד'ס אויגען האט ער געזעהן, אז זיין זוהן גלויבט איהם ניט.

פארנאכט האט זיין מוטער געוואלט אוועקפיהרען די קינדער, אבער עדווארד האט גוט געקענט זיין מאמע, ער איז געווען זיכער, אז זי וועט ניט ווילענדיג „פארקאכען א ווייבערישע קאשע" און ער האט זי ניט געלאזען געהן.

ווען ווילי איז געקומען נאך די קינדער איז דער פאטער מיט־געגאנגען כמעט ביז צום הויז. דארט האט ער נאך אמאל פאר־שפילעט באבי'ס קאלנער און ווידער אריינגעלעגט די האנט אונ־טער דעם קינד'ס דעק, געפיהלט אויב די ליידיגע פלעשעל פון קינד'ס מילך זיינען דארט.

דאס אפטיילען זיך פון די קינדער איז איהם געווען אזוי שווער, אז אין די ערשטע סעקונדען האט ער זיך געוואונשען ניט צו דערלעבען נאך אזא זונטאג און א ווײלע שפעטער האט ער בא־שלאסען אוועקצופאהרען פון ניו־יארק.

און פרידא האט אויסגעקושט דעם קינד'ס אלע גלידער. ער האט איהר דערצעהלט וועגען פאפא און ווען ער האט באמערקט, אז זי וויינט, האט ער שטיל געזאגט, ווי ער וואלט איהר דער־צעהלט א סוד :

— מאדער, דער פאפא האט אויך געוויינט

---

# ארבייט.

די איבערלעבונגען פון די לעצטע עטליכע וואכען זיינען ניט געווען אזוי אינטערעסאנט ווי פרידא האט זיך פארגעשטעלט.

עס איז געווען איין אונענדליכע פלאגע: טאנטע בעקי איז דערווייל נאך ניט געקומען. דער מאמע איז געווען שווער אויס־צוקומען מיט די קינדער און דערפאר האט פרידא געמוזט שווער ארבייטען אין אווענד.

באדען די קינדער, וואשען די ווינדעלעך, העלפען דער מאמע צוגרייטען עפעס אויף מארגען, און נאך דעם אלעם ערשט פראק־טיצירען מיט איהר ארבייט. איהרע הענט זיינען איצט גארניט גע־ווען געשיקט צו ארבייטען אויף דער שרייב־מאשין.

און ווענגען הילף איז אוממעגליך געווען צו באקומען, יעדען טאג האט זי עטליכע מאל טעלעפאנירט צו אגענטען נאך א מיידעל, אבער די אגענטען האבען איהר ניט געגעבען קיין האפנונג.

דערווייל האט מען שוין געקענט אנזעהן אויף די קינדער, אז זיי מאנגלען זיך אין פרישע לופט, און פרידא'ן האט שטארק וועה געטאן דאס הארץ ווען זי האט באמערקט, אז זייערע רויטע בע־קעלאך ווערען בלאס.

אין גרונד גענומען האט זיך איהר לאגע נאך פארערגערט זייט זי האט פארלאזען איהר מאן, אבער פרידא איז ניט געווען פאר־צווייפעלט, זי האט זיך געטרייסט, אז אזוי לעבט זי נאר אויף דער־ווייל, ווען די טאנטע וועט קומען וועט פאר אלעמען ווערען לייכ־טער.

און איבערהויפט האט זי ניט א סך פארגניגען ערווארטעט פון דער צוקונפט, איהרע פארלאנגען זיינען געווען אזעלכע באשיי־דענע; זי האט געוואלט זיין פריי צו שאפען, צו שאפען דאס וואס זי האט געפיהלט לעבט אין איהר יעדען גליד.

און אום צו שאפען האט זי זיך באנויטיגט אין פיעל מעהר פרייהייט ווי זי האט געהאט זייענדיג די פרוי פון איהר מאן.

זיין דאמינירענדער כאראקטער, זיין גלייכגילטיגע באנעהמונג די לעצטע עטליכע יאהר האבען איהר גערייצט און געטריבען צו באפרייען זיך, צו מאכען פון זיך מעהר ווי א געהארכזאמער שקלאף פון א שקלאף. זי האט געוואוסט, אז אויך איהר מאן איז א שקלאף פון די אומשטענדען; פון שלעכטע געשעפטען, פון קאנקר רענץ, פון דורשט צו ערפאלג.

און אז די אלע זאכען האבען איהם געמאכט מיזעראבעל, איהם פארהארטעוועט צו אלץ, אפילו צו איהר, דאס האט זי איצט מעהר באגריפען ווי פריהער, און א סך מאל שטארק מיטלייד געהאט מיט איהם אין זיין טעגליכען קאמף.

אבער עס האט איהר טראץ דעם אלעם נים לייד געטאן אויף איהר טהאט. זי איז געווען זיכער, אז ווען ער באמיהט זיך נאר א ביסעל וואלט ער געווען געקענט זיין אנדערש צו איהר, בליי־בען איהר פריינד ווי זיי זיינען אמאל געווען.

און ווען פרידא דערמאנט זיך אן זייערע אמאליגע האפנונגען ווערט זי שטארקער ביי זיך, זי וועט אלץ אליין אויספיהרען, זי וועט ניט שטארבען, די פרידא פון פריהער.

איידער זיי האבען חתונה געהאט און אויך שפעטער ווען זיי פלעגען זיצען ביי אן ערשטע פארשטעלונג פון א נייע פיעסע, פלעגט פרידא'ן שטארק געפעלען עדווארד'ס קריטיק איבער דערפיעסע, און אויף מארגען ווען זי פלעגט לייענען די קריטיקען אין די צייטונגען פלעגט זיין מיינונג אפט שטימען מיט יענע קריטיקער וואס פארדיענען שווערע טויזענדער יעדען יאהר פאר אזא ארבייט.

און צוזאמען פלעגען זיי ארבייטען, בילדען זיך פאר ביהנע ארבייט. זי האט געהאט אן אויסגעצייכענטע שפראך, (זי איז גע־בוירען און באקומען א פיינע ערציהונג אין ניו־יארק), ער האט אויך געקענט ענגליש, די שפראך פון זיין אדאפטירט לאנד, אבער ניט אזוי גוט ווי פרידא, ער האט אבער גוט פארשטאנען די טעכ־ניק פון דער ביהנע, און שאפען טיפען איז ביי איהם געווען א נאטירליכע זאך.

פרידא איז געווען א מבין אויף דעם, ווייל זי האט יאהרען־

לאנג געלעבט אין נאהענטער באריהרונג מיט שרייבער און אנדערע קינסטלער פון דער ביהנע.

אבער נאך דעם געבורט פון איהר זוהן האבען זיי די ארבייט אפגעלייגט אויף שפעטער, דער „שפעטער“ איז צו ביסלאך אינ־גאנצען פארשוואונדען און מיט דעם פרידא׳ס האפנונגען.

עס איז געקומען דערצו, אז עס פלעגען אוועק מאנאטען און זיי פלעגען אפילו ניט אויסרעדען איין ווארט וועגען דעם וואס איז זיי פריהער געווען אזוי טייער, און צו ביסלאך האט פרידא בא־גריפען, אז איהר מאן האט שוין אן אלץ פארגעסען און ביי איהם איז זי געווארען ניט מעהר ווי א וואכעדיגע פרוי.

און טראץ די אלע גרויסע האפנונגען איז זי איצט געווען גע־צוואונגען צו ארבייטען אין אן אפיס פון אן אימפארטער, ווייט ווייט אוועק פון איהר הארץ־ארבייט.

ניט זי האט געקענט באקומען א שטעלע צו ארבייטען פאר טעאטער־לייט, און ניט זי האט זיך געפיהלט גענוג קאמפעטענט צו טאן איצט אזא ארבייט. און דעפאר האט זי א סך פראקטי־צירט, זי האט געהאפט אין קורצען צו ווערען די סעקרעטערין פון א גרויסען מענעדזשער, און אזוי צו קומען נעהענטער צו איהרע האפנונגען.

דערווייל האט זי א גאנצען טאג געשריבען בריעף און בילס וועגען וואלענע זאקען און זיך געפרובט צוגעוואוינען צו דער טרוקענער שטימע פון איהר בעל־הבית.

דער הערר מיט דער טרוקענער שטימע איז געווען אן אלטער בחור און פרידא אין איהר פארנומענקייט האט ניט באמערקט, אז ער ווערט יעדען טאג העפליכער צו איהר.

---

# אַן איבעררַאשונג.

פרידא איז געוועזן אזוי שטארק אויסגעהונגערט נאָך די קינ־דער, זי האט באַשלאָסען דעם קומענדען זונטאג זיי ניט צו שי־קען צו זייער פאַטער

אין אָוועגד ווען זי קומט אהיים זייגען זיי שלעפעריג. באבי פארשטעהט קוים וואס ער רעדט און דאס קליינע קינד פארלירט דאס קעפעלע.

צעהן מינוט נאָך דעם באדען, שלאָפען שוין ביידע קינדער, און עס בענקט זיך איהר אזוי צו רעדען מיט באבי'ן. דאס קינד ווערט עלטער, מען דארף איהם לערנען געוויסע זאכען, זאכען וואס די מאמע פארשטעהט ניט, און פרידא'ן געפעלט ניט זיין שפּראך, ער באנוצט זיך מיט ווערטער וואס ער הערט אין גאס.

זי מוז אויך האבען דאס קינד עטליכע שטונדען א וואָך, און איבערהויפּט ווערט זי אַיפערזיכטיג: באבי פרעגט זיך שטענ־דיג אויף זונטאג; וועגען פאטער רעדט ער איצט זעלטען, אבער פרידא איז זיכער, אַז ער טראכט זעהר אָפט וועגען איהם. און אַז צו איהר ווערט ער יעדען טאָג פרעמדער.

און דאריבער האט זי באַשלאָסען שבת אנצושרייבען אַ בריעף צו איהר מאן.

אבער ווען זי איז געקומען אהיים האט זי געטראָפען אַ בריעף פון איהם וואס האט איהר שטארק איבעררַאשט.

„פרידא:—

„איך פאָהר אוועק. איך וויים ניט אויב עס וועט דיך אינטע־רעסירען וואוהין איך פאָהר. געשעפט איז ניט ווי מען דארף און צו וואס זיך פלאָגען? דו ווילסט דאָך ניט נעהמען פון מיר מעהר ווי צעהן דאָלאר אַ וואָך פאר די קינדער און צוליעב דעם דארף איך ניט זיין צונעבונדען צו ניו־יארק.

„איך בין קיינמאָל ניט געוועזן אזוי נאָהענט צו פארווירקליכען

מיין חלום; מיין דורשט צו וואנדערען, ווי איך בין איצט, א דאנק צו דיינע „פרייהייטס"־געדאנקען, בעסער געזאגט: טהאטען.

„די לעצטע דריי חדשים זיינען געווען זעהר שווער. דאס באַ־געגענען מיין זוהן איז ניט אזוי אנגענעהם ווי דו דענקסט. זיין באשולדיגענדער בליק פלאגט מיך שטארק, אויב אפילו איך בין זיכער, אז איך בין ניט דער שולדיגער, און ווען ער וועט אויס־וואקסען האף איך, וועט ער געוויס פארשטעהן אז א י ך האב ניט צובראכען אונזער היים!

„דאכט זיך, אז דערווייל איז דיר ניט אזוי לעבעדיג ווי דו האסט זיך פארגעשטעלט, וואלענע זאקען זיינען זעהר טרוקענע שפייז פאר דעם „גייסט" און ביי דיר איז דאך דער „גייסט" אזוי וויכטיג, אז די האסט אזש צוליעב דעם געמאכט דיינע קליינע קינ־דער פאטערלאז.

„אבער אפשר העלפט דיין באס דער בעטשלאר שפייזען דיין „גייסט"?

„מיר איז דא שטארק אומעטיג, ניין איך בענק ניט נאך דיר, אונזער צוזאמען־לעבען די לעצטע עטליכע יאהר זיינען ניט געווען אזוי באגייסטערענד, אבער אויך אין מיר האט זיך דערוועקט א דורשט נאך דאס אינטערעסאנטע, און אזוי ווי דו האסט מיך איצט געמאכט פאר א פרייען מענש, וועל איך אויך נעהמען זוכען עפעס. איין זאך בין איך זיכער, אז וואלענע זאקען וועלען ניט צופריעדענ־שטעלען מ י י ן גייסט.

„בייגעלייגט וועסטו געפינען א טשעק פאר הונדערט דאלאר, איך ווייס ניט אויב איך וועל קענען אדער וועלען שרייבען אין דער צייט. די קינדער האף איך וועלען זיין געזונד, און אויב דו דארפסט מיך צוליעב זיי, לאז וויסען מיין מאמען.

„דערווייל זיי געזונד און פארגעס ניט, אז דו ביזט באבי'ס און מילי'ס מוטער...

עדווארד."

„גאט ווי וואגט ער? !" איז געווען פרידא'ס ערשטער גע־דאנק, ווען זי האט איבערגעלעזען איהר מאנ'ס בריעף.

אין דער מינוט האט איהר ניט געארט זיינע באלייידיגענדע ווערטער, די איראניע, די ביטערקייט, אין דער מינוט האט איהר בלויז געארט וואס ער פאהרט אוועק.

און באלד האט זי געגען זיך געפרובט פארטיידיגען אט דעם געפיהל, אט די פוסטקייט וואס האט איהר פלוצלונג ארומגענומען; „מיך ארט ניט וואס ער פאהרט, מיך ארט ניט וואס ער טוט, מיך אינטערעסירט ניט! ער ארט מיך בלויז וואס ער איז אזוי פריי, ע ר קען פאהרען וואו ער וויל און בלייבט דאך א פאטער!"

„די קינדער האט איך וועלען זיין געזונד!" מיט די ווערטער געזעגענט ער זיך פון די קינדער! ער האפט! זאל איך דאס טאן! קען איך דאס טאן? קען א מוטער אזוי האנדלען?

„ער ליידט, ער ליידט!" האט זי זיך געזומען טרייסטען. „ווען ער זאל ניט ליידען וואלט ער אזוי געהאנדעלט? וואלט זיין בריעף געווען אזוי בייסענד? אזוי ביטער? וואלט ער אוועקגעווארפען די ביזנעס צוליעב וועלכע ער האט מיך אזוי שטארק פארנאכלעסיגט? אוועקגעווארפען אלץ און אוועקוואנדערען?"

און איצט האט איהר ארומגענומען אזא רחמנות צו איהם, זי איז געווען זיכער, אז דאס האט זי צונישט געמאכט זיין לעבען. לויפען האט זי געוואלט צו איהם, אבער דער געדאנק, אז ער וועט זאגען, אז זי קומט צוריק צוליעב איהרע אייגענע ענטוישונגען, האט איהר אפגעהאלטען.

יענעם אוועטד האט זי א סך געוויינט. אבער שפעטער האט זי גענומען צוגליעדערען זיינע ביטערע ווערטער, זיינע באלייידי־פלאץ פאר אן ענערגישען באשלוס איהם צו „צייגען", ער וועט שוין גונגען און צו ביסלאך איז די בענקעניש פארשוואונדען. געגעבען זעהן, אז זי איז זעהר ערנסט וועגען א גרויסער ארבייט!

## די עפענטליכע מיינונג.

פריהער פלעגט פרידא זיין שטארק דערביטערט. שטענדיג איז זי געווען פארהאוועט, דאס האט גערויבט ביי איהר די געלעגענהייט צו קומען אין באריהרונג מיט פריינד און מיט מענשען אין אלגעמיין.

דאס איז געווען איינע פון די אורזאכען וואס האבען איהר געשטופט צו אן אנדער לעבען. „איך ווער פארזשאווערט", פלעגט זי אפט זאגען צו איהר מאן און ער פלעגט אפילו ניט אויפהויבען זיין קאפ פון צייטונג.

איהר אומגעבונג איז געווען אזא ניט באגייסטערענדע; איהרע שכנים זיינען געווען מיט יאהרען ריקשטעליג פון איהר. איהרע פריינד און איהר פריהעריגער אטמאספערע. זי איז געווען געצוואונגען צו פארברענגען א סך צייט ביים הויז מיט די קינדער. זי האט אפילו ניט געקענט אנטלויפען אין א פארק, ווייל עס איז געווען צו ווייט. און דארט זיצענדיג ביים הויז פלעגט זי זיין געצוואונגען צו זיין העפליך צו מענשען, וועלכע האבען איהר שטארק געלאנגווייליגט; איגנאראנטע מענשען ביי וועמען די הויפט זאך איז געווען דזשולערי, זיי האבען עס, און רעדען נאר פון דעם שטענדיג. זי האט ניט-ווילענדיג זיך געמוזט איינהערען ווי מרס. ל. וואשט איהר טאכטער'ס זיידענע וועש, וויפיעל מרס. ד.'ס פארם קאסטען, וואס מרס. ב.'ס וואש-פרוי האט ליעב צו עסען דינער. זי איז געווען געצוואונגען אויסצוהערען יעדען ליגען וואס מרס. ה. האט דערצעהלט, דערביי צו שמייכלען און נאך מאכען דעם איינדרוק, אז זי איז פאראינטערעסירט. נאט, ווי פיינט זי האט געהאט אט די אלע ווייבער! נאר ווען זי האט געוואוינט אין אן אנדער הויז מיט עטליכע יאהר צוריק האט זי זיך אויסגעלערנט צו זיין טאלעראנט, צו זיין א רוימער אין רוים.

און אזוי צו ביסלעך איז זי פארפרעמדט געווארען כמעט פון אלע איהרע פריהעריגע חברים. בלויז עטליכע וואס האבען

סימפאטיזירט מיט איהר לאגע זיינען נאך אמאל געקומען און איהר געבראכט א ביסעל לופט פון איהר אמאליגער וועלט.

און איצט גראד איז זי געווען שטארק צופריעדען מיט דעם וואס זי האט ניט קיין נאהענטע פארבינדונגען מיט קיינעם.

„איך וועל פארשפארען איצט צו זאגען ליגען, געבען פאר־שיעדענע אורזאכען". האט זי געטראכט, ווייל טראצדעם וואס איהר אמאליגער קרייז איז געווען מעהר אדער ווייניגער פראגרע־סיוו, האט דאך פרידא געוואוסט ווי אזוי מען רעדט וועגען א פרוי וואס פארלאזט איהר מאן.

זי דערמאנט זיך איצט ווי מען האט אמאל גערעדט וועגען א געוויסער פאר־פאלק; דער מאן איז געהאט אוועקגעפאהרען אין אן אנדער שטאדט און איינער האט באמערקט: „זיי האבען זיך שוין אודאי צושלאגען דאריבער איז ער אוועקגעפאהרען!" און דער וואס האט עס געזאגט איז געווען א העכסט אינטעליגענטער, ראדיקאלער מענש!

פרידא האט געוואוסט, אז מען וועט רעדען אויך וועגען איהר שיידונג און דאריבער האט זי איצט זעהר געוואלט זיין אליין.

אבער זי האט געהאט א טעות, שלעכטע נייעס פליהט ווי אויף פליגלען

זי איז געווען זעהר מיעד. א גאנצען טאג איז זי ארומגעגאנגען זוכען א שטעלע, ארום פיער איז זי געקומען אהיים און געטראפען די מאמע פארפאלען אין דער ארבייט, דאס קליינע קינד האט א גאנצען טאג געוויינט, עס וויל נאר שלאפען אין דרויסען, און אין דרויסען איז געפאלען א געדיכטער שנעע. באבי איז אויך געווען אומרוהיג, ער האט געוואלט די מאמע. פרידא האט זיך באלד גענומען העלפען דער מוטער.

עס איז שוין געווען נאך אכט ווען זי איז פארטיג געווארען מיט דעם באדען די קינדער, זיי איינגעשלעפערט און זיך גענומען וואשען די ווינדעלעך; די וואש־פרוי האט זיך ענטזאגט צו וואַ־שען די ווינדעלעך — ווען אסתר פעלד איז אריינגעקומען.

פרידא איז עפּעס אזוי צומישט געוואָרען ווי אסתּר וואָלט איהר געכאַפּט ביי א גנבה.

— ניט אַלעס איז גאָלד וואָס לייכט, הא ? — האָט אסתּר סימפּאַטיש געפרעגט.

פרידא'ס גרויסע אויגען האָבען זיך אָנגעפילט מיט טרערען. זי האָט זיך געהאַסט פאר אָט די טרעהרען, זי האָט אזוי געוואָלט פּאַרטיידיגען איהר מאַן, אָבער עס איז איהר שווער אָנגעקומען צו רעדען.

— איך בין אליין שולדיג, איך וויל זיין פריי, איך בין זעהר אומרוהיג. — האָט זי ענדליך ארויסגעשטאַמעלט.

אסתּר האָט צווייידייטיג געשמייכעלט :

— נו יאָ, ווי שלעכט א מאַן זאָל ניט זיין האָבען מיר דאָך אַלע פאר איהם א גוט וואָרט.

— אָבער עדי איז גוט !

— אז איך גלויב דיר ! — האָט אסתּר געלאַכט. און ווערענ־דיג ערנסט האָט זי געזאָגט : — איך בין דיך גאָר ניט מקנא דערמיט, עס איז צו איינזאַם צו זיין פריי.

און א ביסעל שפּעטער האָט אסתּר שטודירענד פרידא'ס פּנים געפרעגט :

— זאָג דעם אמת, פרידאַלע, איז דער נייער קליגער פון דיין מאַן אָדער רייכער ?

ווען פרידא האָט באַגריפען די ווערטער האָט זי אויסגעבראָ־כען אין אזא היסטעריש געוויין, אז אסתּר האָט זיך דערשראָקען, און מיינענדיג, אז פרידא וויל זיך פאר איהר עפּעס מודה זיין האָט זי געזאָגט :

— נו, איך האָב אָנגעריהרט א וואונד ? דערציעהל, קינדעלע, איך וועל דיך פאַרשטעהן.

און א שטונדע שפּעטער האָט זי נאָך אַלץ ניט גלויבענדיג געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ

— טא מוז דיין מאן האבען עפעס א פארהעלטניס ! דארפסט זיך ניט באליידיגען, דו קענסט דאך מיך, איך זאג אין די אויגען, אנדערע ווען דענקען און איך זאג !

יא, איצט האט פרידא געוואוסט, אז אנדערע וועלען דענקען אז זי וועט זיך מוזען רעכענען מיט דער עפענטליכער מיינונג, אז זעהר ווייניג מענשען וועלען פארשטעהן איהר טהאט.

עס האט וועה געטאן ביז צום ביין. אבער בלויז אויף דעם מאַר מענט. שפעטער, נאך דעם ווי זי האט שוין עטליכע מאל איבער־געדרעהט דאס קישעלע און געזוכט א קאלט פלאץ פאר איהר פיי בעריש פנים, האט זי באשלאסען צו שטיינען העכער פון די מענ־שען וואס וועלען איהר אורטיילען.

---

## פריהלינג.

פרידא'ס איינציגער פארגניגען זיינען איצט געווען די זונטאגען. זונטאג דעם גאנצען טאג האט זי פארבראכט מיט די קינדער אין פארק. און א סך מאל פלעגט זי זיך אזוי פארשפיעלען מיט זיי, אז זי פלעגט פארגעסען אן אלץ און זיך לאזען געהן אהיים מיט דעם וועג וואס האט געפיהרט צו איהר פריהעריגער היים.

און אז זי האט זיך דערמאנט פלעגט זיך דער געשטאלט פון עדווארד'ן אוועקשטעלען פאר איהר ווי א הויכע אומאויסמיידליכע וואנט.

עס איז געווען פריהלינג, אין פארק אויף די ביימער האבען שוין געשפראצט די יונגינקע בלעטלעך און אז מילי פלעגט איינ־שלאפען און באבי האט זיך פארשפיעלט מיט די אנדערע קינדער האט פרידא זיך אפט פארגונען דעם לוקסוס צו חלומ'ען.

און ווי זי זאל דאן וועלען חלומ'ען וועגען איהרע אמביציעס, זיינען דאך איהרע טאג־חלומות געווען פול מיט איהר מאן :

„וואו איז ער איצט ? מיט וועמען רעדט ער ? טראכט ער אמאל וועגען מיר ?"

און אז זי פלעגט זיך פארשעהמען פאר אט די געדאנקען איהרע, איז זי געווען זיכער, אז דאס טראכט זי וועגען איהם, ווייל זי איז אייפערזיכטיג אויף דער פרייהייט זיינער, אויף דער אומגע־הייערער ערפאהרונג און גייסטינען פארנניגען וואס די פרייהייט גיט איהם.

און אמאל פלעגט זי אויך לאכען פון זיך:

„אפשר, פיהל איך אזוי, ווייל עס איז פריהלינג, ווייל מיין שקלאפישע נאטור איז אזוי שטארק צוגעוואוינט צו דער גיזעל־שאפט פון א מאן ?"

איצט האט זי בלויז פארקעהרט מיט די קינדער, מיט איהר מוטער און מיט איהר באלעבאס.

און פון דעם לעצטען האט זי אפט געלאכט.

זיינע וועגען זיינען געווען אזעלכע לאנגזאמע, אזעלכע זיכע־רע ! זיין גאנצע פערזענליכקייט איז געווען ארומגערינגעלט מיט ארדנונג פון וועלכער פרידא'ס באהעמע־נאטור האט געלאכט.

זי האט זיך פארהאלטען מיט איהם גאנץ פריינדליך, אבער זי האט קיינמאל נים ערלויבט, אז זייער געשפרעך זאל ווערען פער־זענליך. און ווי ער האט זיך נים באמיהט עפעס אויסצוגעפינען וועגען איהר, האט זי קיינמאל נים גערעדט וועגען עפעס אנדערש ווי נעשעפט און דאס וועטער.

איז זי ארוים פון אפיס האט זי באלד פארגעסען, אז ער לעבט אפילו, אבער ער איז געווען שטארק נייגעריג וועגען איהר, און איין מאל אין א זונטאג האט ער זי באגעגענט אין פארק מיט די קינדער.

און אזוי ווי ער האט זיך גענומען פארענטפערען, אז די באגע־געניש איז א צופעליגע, איז פרידא געווען זיכער, אז דאס איז נים א צופאל, און באלד באשלאסען נאך אין דער זעלבער וואך צו פאר־לאזען דאס פלאץ.

דעם צווייטען טאג איז ער געווען אביסעל צו סימפאטיש,

און ווען פרידא האט איהם געזאגט, אז זי נעהט אוועק, האט ער מיט א ברייטען שמייכעל געפרעגט:

פארוואס? איך האב ליעבערשט ווייבלעך ווי מיידלעך.

און אט די ווערטער האבען פרידא'ן א צוויק געטהאן ווי א שארפער פאטש אין פנים. ערשט דאן האט זי באגריפען וואס עדווארד האט געמיינט ווענען דעם „בעטשלאר־באס“ אין זיין לעצטען בריעף; ערשט דאן האט זי באגריפען, אז אט דער אויס־געטריקענטער מענשעלע, מיט זיינע זיכערע לאנגזאמע וועגען, איז א מאן — א מאן וואס קוקט אויף איהר ווי אויף א פרוי און ניט ווי אויף אן ארבייטערין אין זיין אפיס.

און פרידא האט זיך שטארק דערשראקען, ניט פאר דעם טרו־קענעם מענשעלע, ניין, אפילו פיזיש האט זי זיך געפיהלט שטאר־קער פון איהם; זאל ער פרואווען ווערען צו פריי! זי קען איהם לייכט א גוטען שטופ טהאן — זי האט זיך דערשראקען פאר דער צוקונפט, פאר דער פרייהייט וואס א געוויסער סארט מענער נעהמען זיך מיט פארהייראטע פרויען.

ווי אזוי מיידט מען אויס אט דעם סארט מענער? זי וועט דאך מוזען ארבייטען פאר און מיט מענער. סאי איהרע עקאנא־מישע אומשטענדען, סאי איהר צוקונפט פארלאנגט עס. ווי מיידט מען זיי אויס?

אין דער סעקונדע האט זי באשלאסען צו שטודירען די כא־ראקטערען פון די מענער פאר און מיט וועלכע זי וועט מוזען אר־בייטען, און באלד האט זי געלאכט פון זיך אליין:

„שטודירען זיי? און ביז דאן וויפיעל מאל וועל איך נאך באליידיגט ווערען?“

און ווי דער באלעבאס וואלט אין די לעצטע שטונדען פון זייער באקאנטשאפט איהר וועלען איבערצייגען ווי שווער איהר קאמפף וועט זיין, האט ער איהר נעפרואווט ארומנעהמען און קו־שען.

מיט עקעל האָט זי זיין פייכטע האַנט אַראָפּגעוואָרפען פון איהר האַלז, און איבערלאָזענדיג איהר געהאַלט פון דער לעצטער וואָך האָט זי דאָס פּלאַץ שנעל פאַרלאָזען.

און לאַנג נאָך דעם ווי איהרע באַקען האָבען שוין אויפגע־הערט צו ברענען פון שאַנדע, ווען איהר אויפרעגונג איז שוין אַ ביסעל פאַרשוואונדען; שפּעט יענע נאַכט, ווען זי איז געשטאַ־נען ביים שפּיגעל און פאַרפלאָכטען איהרע לאַנגע האָר, האָט זי נאָך געווישט איהר ווייסען האַלז, ווי זי וואָלט נאָך דאָרט גע־פיהלט די באַריהרונג פון דער פייכטער האַנט.

און אַט דער געפיהלט האָט זי דערמאָנט אַן איהר מאַנ'ס שטאַרקער האַנט, און זיינע טיעף קוקענדע אויגען וועלכע זוכען שטענדיג... אָבער זי האָט קיין מורא פאַר זיין זוכען. „זאָל ער אריין קוקען אין מיין נשמה וועט ער זעהן ווי ריין איך בין „האָט זי געטראַכט און באַלד זיך ביטער צולאַכט. „זאָל ער אריין קו־קען! האָב איך איהם דען אַליין ניט אוועק געיאָגט פון זיך? ווער ווייסט וואו ער איז יעצט?“...

---

## זעלבסט-אנאליזירונג.

מעהר פון אַלץ האָט זיך פרידא געשראָקען ווען עס פלעגט איהר אַנקומען אַ בענקענדע שטימונג.

זי האָט זיך אַליין ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס האָט זי איצט אַזוי אָפט געטראַכט וועגען איהר מאַן, וועמענס גלייכגילטיגע, כמעט גראָבע באַהאַנדלונג האָט זי מיט עטליכע מאָנאַטען צוריק אוועקגעטריבען פון זיך?

און האָט זי זיך גענומען אַנאַליזירען, איז איהר שטימונג נאָך ערגער געוואָרען.

צום ביישפּיעל, וואָס האָט זי זיך אַזוי געזאָרגט זינט זי האָט

פון איהם דאס קארטעל באקומען, אז ער קלעטערט אויף די גאנ־
הויכע בערג ?

„ער קען נאך אמאל אראפפאלען. אפשר פארבלאנדזשען.
אפילו דארט, טראצדעם וואס עס איז אזוי קאלט, טראגט ער אודאי
ניט קיין ווארימע קליידער !"

אזעלכע און עהנליכע דאגות האט זי געהאט וועגען איהם.

דערביי פלעגט זי זיך אדער צולאכען, אדער צואוויינען : „וואס
ארט איהם וועגען מיר, איינמאל אין זעקס וואכען א קארטעל גע־
שיקט !"

און דאן האט זי זיך געערגערט וואס עס ארט איהר אינאנ־
צען וועגען איהם.

„ער איז מיר איצט א פרעמדער, נאך ערגער ווי א פרעמדער" —
פלעגט זי זיך פרואווען איינשמועסען.

און אלע איהרע שטימונגען, איז זי געווען זיכער, קומט פון
דעם וואס זי זוכט ניט מעהר די געזעלשאפט פון אינטערעסאנטע
מענשען.

איצט האט זי געארבייט אין אן אפיס וואו טעאטער געשעפ־
טען ווערען באהאנדעלט, אבער דער מאן פאר וועמען זי האט גע־
ארבייט איז ניט געווען קיין סימפאטישער מענש און איבער־
הויפט איז זי נאך געווען א ביסעל איבערגעשראקען צוליעב איהר
לעצטער ערפאהרונג.

אבער מיט די ווארעמערע זומער־טעג זיינען אנגעקומען אינ־
טערעסאנטערע צייטען.

דער מענעדזשער פון יענער אפטיילונג, וואו פרידא האט איצט
געארבייט, איז אוועקגעפאהרען אויף וואקיישאן און אין זיין פלאץ
איז געקומען א זעהר אינטערעסאנטער מענש.

א מאן מיט א ווייכערע שטים, זעהר העפליך, מיט זעהר שאר־
פע אויגען, וועלכע האבען שנעל ענטדעקט, אז פרידא איז ניט
קיין געוועהנליכע סטענאגראפיסטין, וועלכע נעהמט בלויז א מע־
כאנישען אינטערעס אין איהר ארבייט, און אין עטליכע טעג ריי־

נען זיי שוין געווען אזוי גוט באקאנט, אז פרידא האט זיך א ביר־סעל פארגעסען און האט גענומען רעדען וועגען איהרע אמביציעס.

און ער האט איהר באלד געהייסען ברענגען, אויב זי האט עפּעס אנגעשריבען פאר דעם טעאטער.

און יענע נאכט, עס איז געווען ווארעם, פרידא איז געווען מיעד נאך א טאג ארבייט, זי האט אזוי געוואלט א ביסעל פרישע לופט, אבער זי איז ניט ארוים, ביי דער שרייב־מאשין איז זי געזעסען ביז שפּעט און געשריבען. זי האט איצט איבערגעארבייט א גע־וויסע זאך וואס זי האט מיט יאהרען צוריק אנגעשריבען.

דאן איז עדווארד געזעסען נעבען איהר און איהר געהאָלפען. עס איז געווען אן איין אקטער און ווען עס איז פארטיג געווארען איז עס זיי ניט געפעלען, אבער פרידא האט עס באהאלטען.

איצט האט עס אויסגעזעהן פיעל בעסער אין איהרע אויגען. עפּעס האט זי אנדערש געקוקט אויף דעם לעבען איצט, און גע־וויסע אנשויאונגען האט זי געמוזט בייטען.

זי האט אויך ארויסגעווארפען גאנצע זאצען, וועלכע האבען באלאנגט צו עדווארד'ן: „זאל ער ניט זאגען, אז איך באנוץ זיך מיט זיינע געדאנקען, אז איך קען ניט זיין זעלבסטשטענדיג".

עטליכע אווענדען האט זי שווער געארבייט, אבער איידער זי האט עס אוועקגעגעבען צו איהר נייעם באקאנטען האט זיך שוין געענדיגט זייער באקאנטשאפט.

ער האט איהר איינגעלאדען עסען מיטאג מיט איהם.

נאך אלס מיידעל האט פרידא קיינמאל ניט אנגענומען קיין שום איינלאדונגען פון איהרע געשעפטס־באקאנטע, זי איז געווען פּרינציפּיעל געגען דער אויסמישונג פון געשעפטליכען און סאָ־ציאלען לעבען און אין דעם איין אקטער, וועלכען זי האט איצט איבערגעארבייט האט זי געהאנדעלט מיט דער זעלבער פראגע.

אז זיין ווייבער שטים האט זי פארשטאנען, אז ער האט אויך אנדערע האפנונגען פאר דער צוקונפט... פרידא האט זעהר ניט געוואלט ביישטייערען צו זיינע האפנונגען און דאריבער האט זי

גערענקט, אז דער ערשטער ברוך אין אזא באַקאַנטשאַפט איז דער בעסטער.

נאָך דעם איז זיין באַנעהמונג געוואָרען פיעל קיהלער, ער האָט איהר אפילו ניט דערמאַנט וועגען דעם מאַנוסקריפּט וואָס זי האָט געדאַרפט ברענגען, און אַט די האַלטונג זיינע האָט איהר לייכט איבערצייגט, אז זיין אינטערעס איז געווען הויפּטזעכליך אין איהר פּערזאָן און ניט אין איהר אַרבייט.

און עפּעס האָט זי געפיהלט ווי אַ מין באַרג וואָלט זיך אוועק־געשטעלט אין איהר וועג. אפשר איז זי געווען צו שטרענג? אפשר האָט זי יאָ געדאַרפט אַננעהמען זיין איינלאַדונג?

און ווען זי האָט גענומען דענקען וועגען אַזעלכע און עהנליכע איינלאַדונגען וואָס זי וועט באַגעגענען און אפשר מוזען אַננעהמען אום דורכצופיהרען איהרע אַמביציעס, האָט זי געציטערט.

איין זאַך איז זי געווען זיכער, אז זי וועט פאַרבלייבען שטרענג. זי האָט גאָר ניט געוואָלט דענקען וועגען אַנדערע מענער אַרעמס אַרום איהר טאַליע ווי איהר מאַנ'ס.

און זיינע, האָט זי איהם דען געוואָלט? זי האָט זיך אַפּט אַליין ניט פאַרשטאַנען, זי האָט מורא געהאַט זיך אַריינצוטראַכטען.

און ווידער באַשלאָסען, אז זי מוז זוכען אינטערעסאַנטע מענשען וואָס וועלען איהר מאַכען פאַרגעסען.

---

## אַ באַגעגעניש.

די טעג זיינען איצט געוואָרען פאַר איהר אומערטרעגליך לאַנ־גע. די אַרבייט טראַצדעם וואָס עס איז געווען פון יענעם סאָרט וואָס זי האָט געזוכט, איז ניט געווען אינטערעסאַנט, עס איז געווען אַ צווייטענס אַרבייט, און זי האָט שטענדיג געטראַכט וועגען זאַ־כען וואָס זי וויל און וועט שרייבען.

דערווייל האט זי גאר ווייניג געשריבען, די וואנדערען זיינען גע־ווען זעהר הייס, אין פארק אפילו האט זי אויך ניט געקענט געהן. ווייל די קינדער האבען געשלאפען און די מאמע איז געווען מיעד פון א גאנצען טאג שווערע ארבייט.

זי פלעגט אנקוקען די צוויי שלאפעדיגע קינדער און איהר הארץ פלעגט צוקלעמט ווערען פון וועהטאג.

עס איז געווען באבי'ס ערשטער זומער אין שטאדט און דער ליעבער איינגעל האט אזוי שטארק געפיהלט די היץ; זיין אפע־טיט איז כמעט פארשוואונדען און אפילו דאס אטעמען איז איהם איצט שווער אנגעקומען.

איהר עלטערער ברודער הענרי, וועלכער האט זיך ערשט צו־ריקגעקעהרט, האט איהר אנגעבאטען געלט אוועקצופאהרען מיט די קינדער, אבער זי האט איהם ענטזאגט, זי האט ניט געוואלט אויפגעבען איהר שטעלע,זי איז געווען זיכער, אז מיט דער צייט וועט דאס פלאץ דאך האבען געוויסע מעגליכקייטען פאר איהר.

און ווען זי פלעגט אזוי באטראכטען די קינדער, האט זי גע־האסט זייער פאטער: „ווי פריי ער קען זיין, עס קימערט איהם אפילו ניט ווי די קינדער האלטען אוים די היץ, ער באמיהט זיך אפילו ניט זיי אוועקצושיקען צום ים!"

און גראדע ווען אלץ איז געווען אומערטרעגליך, אין א זעהר ווארעמען אויגוסט פארנאכט האט פרידא באגעגענט איהר אמאַ־ליגע בעסטע פריינדין, די איצט זעהר ערפאלגרייכע שריפטשטע־לערין העלען רעלניק.

מיט רעלניק איז געקומען ווענען איהרע א פיעסע, ווען זי האט דערזעהן פרידא'ן איז איהר פרייד געווען אזא ווארעמע, אזא עכטע, אז פרידא איז געווען געצוואונגען אננעהמען איהר איינלאדונג צו פאהרען מיט איהר אין א רעסטאראנט ביים ים און פארברענגען עטליכע שטונדען.

פרידא האט ניט ווילענדיג טעלעפאנירט אהיים און אין איהר מוטער'ס שטים, האט זי פארשטאנען, אז זי איז ניט שטארק באַ־גייסטערט.

פרידא איז ניט געווען זיכער צי די מוטער איז ניט צופריעדען, ווייל מענשען האבען געזאגט, אז מיס רעלניק הבר'ט זיך מיט א סך גוים, אדער ווייל זי האט זיך שטענדיג געשראקען, אז פרידא'ס מאן וועט עפעס ניט געפעלען אין איהר געזעלשאפט און וועט איהר נאך פארקלאגען פאר א גט:

— אויב גט'ן זיך. — פלעגט איהר מוטער זאגען, — זאלסטו איהם בעסער אפ'גט'ן, איך וויל ניט ער זאל דיך פארשעהמען! — ווי ווייט פרידא'ס געדאנקען זיינען געווען פון א גט!...

אבער אין מיס רעלניק'ס געזעלשאפט האט מען ניט לאנג געקענט טראכטען וואס די מאמע דענקט. זי איז געווען אזא פרעהליכע, אזא ליעבע, און גראד ווי איהרע ערצעהלונגען און פיעסען האבען געפלאקערט מיט הומאר און אויסגעצייכענטען שארפזין, גראד אזוי איז געווען איהר פערזענליכקייט.

און ביי דעם האלב־באלויכטענעם טישעל אין רעסטאראן וואו די כוואליעם האבען געשיינט צו טרייסלען אפילו די טעלער, האט מיס רעלניק געפרעגט:

— ביזט שוין ניט פארליעבט?

און פרידא איז אנשטאט צו ענטפערען שטארק רויט געווארען.

— ווי איך זעה, ביזטו נאך אלץ פארליעבט, איך האף אבער, אז דעם מאל איז עס ניט דיין מאן?

פרידא האט עפעס געפיהלט איהר צונג אזוי שווער, ווי זי וואלט געווען פון בליי, ניט ריהרען האט זי זיך געוואלט! זי האט געוואוסט, אז זי זעהט אויס נאריש אין דער באריהמטער פרוי'ס אויגען, און א ווייל שפעטער האט זי גענומען רעדען וועגען די קינדער

מיס רעלניק איז געווען שטארק פאראינטערעסירט, אבער א ווייל שפעטער האט זי דאך געפרעגט:

— און דיין מאן, איז ער אוועק מיט א אינטערעסאנטער אדער א שעהנערער?

איצט האָט פרידא געלאַכט. און ווען זי האָט דערצעהלט צו־ליעב וואָס זי האָט פארלאָזען איהר מאַן איז מיס רעלניק געווען זעהר בייז.

— אַ גוטען, אַן אַנשטענדיגען מאַן אוועקגעוואָרפען הא ? ! קינדעלע, דו ווייסט קיין זאַך וועגען מענער ! א י ך קען זיי, די בעסטע פון זיי זוכען נאָר ווי אויסצונוצען אַ פרוי פאַר זייערע אייגענע צוועקען. דו געדענקסט דאָך טאָני'ן, הא ? דערמאָנסט זיך ווי פארליעבט איך בין געווען אין איהם ? געווען גרייט אוועקצואוואַרפען היים, פאַמיליע און חתונה האָבען מיט טאָני'ן דעם איטאַליענער, און ער ? וואָס האָט ער מיר אָפּגעטהאָן ? ווען ער האָט שוין ערדייכט זיין צוועק, איך האָב איהם שוין פאַרגע־שטעלט פאַר אַלעמען, זיין ערפאָלג איז שוין געווען אַ געוויסע זאַך, און מען האָט שוין געזוכט זיינע בילדער, דרעהט ער זיך אויס און האָט גאָר חתונה מיט אַ זעכצעהן יעהריגע איטאַליענערקע, וועלכע האָט צוויי אויגען גרעסערע ווי מיינע פויסטען ! כמעט צוויי יאָהר אָפּגעקלאָגט נאָך טאָני'ן און איך האָב שוין געטראַפען אימיצען וואָס עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז ער וועט מיך טרייסטען, האָט יענער גאָר געזוכט אַ לייכט לעבען פון מיינע פאַרדיענסטען. אָה, איך קען זיי, ניט איינער האָט מיך שוין אָפּגענאַרט !

שפּעטער האָט פרידא געפרעגט :

— איצט ביזטו שוין פאַרהייראַט ?

— ניין, הייראַט איז ניט באַשאַפען געוואָרען פאַר אַזעלכע פרייע פייגעל ווי איך בין. איך מוז לעבען, אומגעהייער אַ סך מוז איך לעבען אום צו קענען שאַפען !

— אויב אַזוי וועל איך ניט קענען שאַפען. — האָט זיך פרי־דא איצט דערשראָקען.

— ניין, איך ווייס, דיין סאָרט שרייבען, דיין נאַטור איז אַ רוהיגע, אין דיר געפינט זיך אַ קוואַל מיט פּאָעזיע, דו קענסט שאַפען דאָס שעהנערע, דאָס בעסערע. — האָט מיס רעלניק גע־

זאגט און איהרע שעהנע אויגען זיינען אויף א סעקונדע געווארען פארכמארעט.

און ווען זי האט שפעט יענעם אווענד פרידא'ן אהיים גע־פיהרט מיט איהר אויטאמאביל, האט זי איהר פארשפראכען צו העלפען ווערען באריהמט.

---

# איהר ערשטער יום טוב.

ווי געוואונשען איז טאנטע בעקי אנגעקומען פרייטאג פאר־נאכט.

די גוטע פרוי מיט איהר ווארעמען, זעהר ליעבען טעמפּעראַ־מענט איז באלד געווארען די בעסטע פריינד מיט באבי'ן. און מילי איז נאך איין שטונדע באקאנטשאפט געקראכען אויף איהר געבויגענעם רוקען.

איהרע ערפאהרענע אויגען האבען שנעל אין פרידא'ס פנים דערזעהן דאס וואס איהר מוטער זייענדיג אין טעגליכער באריהר־רונג מיט איהר האט ניט געקענט זעהן; אז פרידא איז שרעק־ליך מיעד, כמעט קראנק.

די לעצטע עטליכע וואכען פון שווערע ארבייט האבען איבער־געלאזען סמנים אויף פרידא'ס פנים און אויך אויף איהרע נערווען. זי איז געווען אין אזא אויפגערעגטען צושטאנד אז יעדע קלייניג־קייט האט ארויסגעבראכט טרעהרען אין איהרע אויגען. דאס פנים איז איצט געווען בלאס און ארום די אויגען זיינען ערשיענען א סך קנייטשלעך.

און ווען טאנטע בעקי האט זיך דערוואוסט וועגען פרידא'ס נאכט־ארבייט די לעצטע פאר וואכען, האט זי באלד באשלאסען, אז פרידא מוז זיך אויסרוהען אויב זי וויל ניט ווערען ערנסט קראנק.

פרידא האט אפילו ניט געוואלט הערען פון פאהרען אליין. וואס הייסט, זי זאל לאזען די קינדער?

אבער נאך א סך ארומרעדען האט זי איינגעשטימט אוועק־צופאהרען אויף עטליכע טעג, און פאהרען וועט זי צו העלען׳ען. זי וועט זיך באנוצען מיט איהר איינלאדונג, זי וועט איהר אוועק־פיהרען די עטליכע זאכען וואס זי האט אנגעשריבען און הערען איהר מיינונג.

פרידא האט געוואוסט, אז העלען האט זעהר א בעקוועמע זו־מער־הויז אין א רייכער קאלאניע ביים ים, און אז העלען וויל איהר אלס גאסט איז זי געווען זיכער, ווייל יענע האט איהר שוין אזוי פיעל מאל געבעטען.

זי איז געווען מיעד, ניט די קורצע רייזע, נאר די לאנגע וואך שווערע ארבייט און דאס שיידען זיך מיט די קינדער האט איהר געמאכט אומגעהייער מיעד, און דאריבער איז זי געווען שטארק צופריעדען ווען העלען האט אויף איהר געווארט מיט איהר אויטא־מאביל.

איהר צימער איז געווען איינפאך אבער מיט פיינעם געשמאק מעבלירט. אלעס איז דא געווען אזוי רוהיג, ווי מיט רעלניק וואלט פארשטאנען דעם צושטאנד פון איהרע צוא:ועהטאגטע נערוועז און וואלט אוועקגעשטעלט יעדעס שטיק מעבעל, אפילו די פארב פון די ווענט, זיי זאלען איהר העלפען רוהען.

דורך די דריי ברייטע פענסטער האט זיך אריינגעהערט דאס גערויש פון ים. דער ווייטער האריזאנט איז געווען שטארק רויט און פרידא האט זיך פארזארגט, אז אין שטאדט וועט מארגען זיין א הייסער טאג.

פון ווערעאנדע האט זיך ארויפגעהערט די געשרייען פון הע־לען׳ס מוטער. איהר שטים איז געווען א הויכע און זעהר ניט אין איינקלאנג מיט דער אומגעבונג. זי האט גערעדט א געבראכענעם ענגליש, און טראץ דעם גרויסען פארמעגען וואס איהר טאכטער׳ס מאן האט איהר איצט פארדיענט, האבען די אלע לוקסוסען זי נאך אלץ ניט ראפינירט, זי איז געבליבען די זעלבע אידענע פון העגרי סטריט.

און ארויסקוקענדיג דורך דעם פענסטער האָט זיך פרידא'ן זעהר פארוואָלט ווערען רייך, ווערען רייך פון איהר אייגענער אר־בייט. זי איז געווען זיכער, אז איהר פריינדין וועט שוין מעהר קיינמאָל ניט דארפען אַנקומען צו אַ מאַן פאר אַ דאָלאַר, אָדער אימיצען דארפען אָפּגעבען חשבון.

פרידא האָט פארגעסען, אז מען דארף אַמאָל אָפּגעבען חשבון פאר עפּעס אנדערש, אַ חוץ געלט, און אַט מיט דעם חשבון האָט זיך העלען רעלניק, די ערפאָלגרייכע, ליידער וועניג גערעכענט...

און באַמערקט האָט דאָס פרידא דעם צווייטען אָווענד פון איהר וויזיט.

עס זיינען געווען אַ סך געסט אין הויז, שרייבער, ארטיסטען, אַקטיאָרען. און העלען איז געווען זעהר פריינדליך מיט צוויי מענער צו דער זעלבער צייט. און אין שטונדע האָט איהר פרידא געזעהן קוקען אזוי געפּיהלפאָל אין די אויגען פון זעהר אַ יונגען פּאָעט און אַ ביסעל שפּעטער האָט זי ליידענשאַפטליך געקושט די ליפּען פון דעם באַוואוסטען אַקטיאָר ק.. און ווען פרידא האָט איהר דאָס פאַרגעוואָרפען, האָט העלען הארציג געלאַכט.

— דעם ערשטען העלף איך ארויס. ער רופט מיך זיין מוזע, און אהן מיינע אויגען, זאָגט ער, קען ער ניט שאַפען, ער איז דאָך נאָך אזא איננגעל!

— און דער צווייטער? — האָט פרידא געפרעגט.

— דער צווייטער העלפט מיר ארויס, פרידעטשקע, איך האָב איהם אזוי ליעב!

—און ער?

— ער האָט אַ פרוי.

אַ לאַנגע צייט האָבען זיי איצט געשוויגען.

זיי זיינען געזעסען אויף דער סאָפע אין פרידא'ס צימער. הע־לען'ס קאָפּ איז געלעגען אין פרידא'ס שויס. דער בלייכער שיין פון דער לבנה האָט ווי-אראָפּגעצויגען דאָס קאָקעטישע, דאָס לאַ־כענדיגע פון דער פרעהליכער העלען. אַ מיעדע, ליידענדע פרוי איז זי איצט געווען.

— פרידא, ער וואלט געקומען צוריק צו דיר? — האט ענד־ליך העלען געפרעגט.

פרידא האט ניט געענטפערט.

— און דו, ווילסט ניט געהן צוריק צו איהם?

— ניין! האט פרידא שנעל געענטפערט, ווי זי וואלט זיך איילען צו אנטלויפען פון זיך אליין.

— אזוי? און ווי געפעלט דיר מר. ב.? ער וואלט דיר א סך געקענט העלפען אין דיין ארבייט, מעגסט זיין א ביסעל פריינד־ליכער צו איהם.

— ער געפעלט מיר ניט.

— אזוי? ער איז גראדע זעהר אן אינטערעסאנטער מענש, מעגסט מיט איהם א ביסעל קאקעטירען.

— איך קען ניט.

— דאן ביזטו פארליעבט!

— מעגליך. — האט פרידא געענטפערט מיט א שמייכעל.

— ווער איז ער?

— איך וויים ניט. — האט זי געענטפערט און געטראכט וועגען הויכע בערג... און אויב באבי'ן איז ניט צו הויס.

---

## מר. ב.

דאס ערשטע מאל אין א לאנגער צייט וואס פרידא האט זיך היינט געפיהלט גליקליך.

עס איז געווען דער פינפטער טאג פון איהר וויזיט און העלען טראצדעם וואס זי איז געווען אזוי פאפולער און אזוי שטארק פאר־נומען צווישען איהרע געסט, האט זיך דאך זעהר פיעל אפגעגעבען מיט פרידא'ן און איהר ארבייט.

פרידא איז ערשט געקומען פון העלענ'ס צימער, אין איין

האנט האט זי געטראגען א פאק מאנוסקריפטען, העלען איז געווען ענטציקט פון פרידא'ס ארביים, זי איז געווען זיכער, אז פאר פרידא'ן ליגט א גרויסע צוקונפט. און אפשר איצט איז געווען דאס ערשטע מאל, אז זי האט איהר ניט אויסגע'מוסר'ט פאר איבערלאזען איהר מאן.

פרידא האט שטיל אונטער איהר אטעם געזונגען „טרוימעריי" און געלאפען ארויף מיט די שטיגען, ניט ווייט פון איהר טיר האט זי באגעגנט מר. ב.

— האט איהר אזוי ליעב „טרוימעריי", ארעד זינגט איהר עס, ווייל אן אנדערער האט עס אזוי ליעב ? — האט ער געפרעגט צו־קומענדיג נעהענטער.

— ליעב ? — איז פרידא געווארען שטארק צוטומעלט, פון וואנען ווייסט דער פרעמדער, אז עדווארד פלעגט דאס אמאל אזוי הארציג שפיעלען ?

— ווי שעהן איהר זענט ווען אייערע באקען ווערען פאר־לאפען מיט בלוט ! איהר וועט רויכערען ? — האט ער געפרעגט, אויסשטרעקענדיג א זילבערנעם ציגארעטען־האלטער אין זיין האנט.

פרידא האט נעקוקט אויף זיינע קורצע דיקע פינגער און שטיל געענטפערט.

— א דאנק, איך רויכער ניט.

— איך האב מורא איהר זענט זעהר א גוטע.

— אפשר.

—איך וויל זיך מיט אייך א ביסעל בעסער באקענען.

— מיט פארגניגען. — האט פרידא געענטפערט און געוואוסט, אז זי זאגט א ליגען, אז זי וויל מיט איהם ניט רעדען, אז איהר געפעלען ניט זיינע שטעכיגע אויגעלאך, וועלכע זוכען שטענדיג איהרע, אז זי האט פיינט זיינע צווייזייטיגע באמערקונגען, זיין זיכערען שמייכעלע. אבער זי האט געמוזט זיין העפליך; ערשט־ענס, ווייל זיי זיינען ביידע געסט אין זעלבען הויז און צווייטענס,

אייל העלען האט איהר געבעטען: „ער איז זעהר אן איינפלוס־רייכער מענש, ער קען דיר א סך העלפען אין דיינע אמביציעס."

— טא קום וועלען מיר אביסעל ארומשפאצירען. — האט ער געזאגט און באלד אנגעכאפט פרידא'ס האנט.

דורך דעם דינעם ארבעל פון איהר קלייד האט זי געפיהלט זיי־נע הייסע פינגער, עס האט זיך איהר זעהר ניט געוואלט געהן, אבער דער מאנוסקריפט אין איהר רעכטער האנט האט איהר דער־מאנט, אז זי מוז עפעס טאן.

— ווארט אויף מיר אונטען איך קום גלייך.

אין איהר צימער האט זי זעהר ניט געוואלט ארונטערגעהן, אבער באלד האט זי זיך צולאכט: „וואס דארף איך מורא הא־בען, איך וועל שוין וויסען ווי איהם דערמאנען אז אייז, ווען זיינע ווערטער וועלען ווערען ווארעם."

ווען זי האט איהם אונטען באגעגענט און ער האט ווידער אנגעכאפט איהר ארעם האט זי שטיל געזאגט:

— עס איז צו ווארעם נעהמט ארונטער אייער האנט.

— וואס איז ווארעם, מיין האנט אדער דאס וועטער? — האט ער געפרעגט קוקענדיג איהר גלייך אין די אויגען.

—ביידע. — האט זיך פרידא צולאכט.

ער האט אראפגענומען זיין האנט.

— איהר ווייסט, איהר זענט אזוי אנדערש ווי אנדערע. — האט ער שפעטער געזאגט.

— אין וועלכען זינען?

— מיט רעלגיק זאגט, אז איהר ווילט שרייבען פאר'ן טעאטער, איהר ווייסט דאך געוויס, וואס מיינע פארבינדונגען זיינען מיט דעם טעאטער און איהר ווילט זיך גאר ניט חנפ'ענען צו מיר?

— אבער צו וואס?

— דענקט איהר גאר ניט פאר וויכטיג, אז איך זאל יוערען אייער פריינד? איך קויף א גרויסען צאהל פיעסען א יא

— איך וועל זיין זעהר געעהרט.

— און ביי דער ערשטער באריהרונג פראטעסטירט איהר שויןl ווייסט איהר ווייבעלע, אז איך קען אייך אנווייזען אויף הונדערטע פרויען וואס וואלטען געווען גרייט יעדע מינוט אוועקצוואווארפען זייערע היימען, מענער, קינדער און זיך ווארפען צו מיינע פיס.

— אבער איך באלאנג ניט צו יענעם סארט ! — האט איהם פרידא שנעל פארזיכערט. וואס מיר „יענער סארט" ? עס זענען בלויז פאראן איין סארט פרויען און אלע זוכען זייערע אייגענע אינטערעסען, גלויבט מ י ר , א י ך ו ו י י ס ! פאר מיר קענט איהר זיך ניט מאכען !

איהר האט דאך אויך אוועקגעווארפען אייער מאן ! איהר זענט א כיטרע ווייבעל, איהר האט גוט געוואוסט, אז צו ווערען באריהמט וועט איהר ניט קענען בלייבען א גו־טינקע, טא צו וואס זיך רייסען ביים קאפ מיט א מאן, איז דאך שוין בעסער אהן א האר איבער זיך ! א יא איך בין גערעכט ?

פון אלע זיינע ווערטער האט פרידא בלויז געדענקט איין זאך „צו ווערען באריהמט, קען מען ניט בלייבען א גוטינקע".

— דאס איז ניט אמת !

— וואס ? וועגען די ווייבער ? א י ך בין אן אויטאריי־טעט, א י ך וויים וואס איך רעד.

—און א י ך וועל דעם פרייז קיינמאל ניט באצאהלען ! מיי־נע זאכען וועלען דארפען געשפיעלט ווערען פאר זייער אייגענעם ווערט !

— עס קען זיין אמאל, אבער א פארמעגען וועט איהר קיינ־מאל ניט מאכען !

זיינע ווערטער זיינע געווען אזוי דראהענד און זיין פעט פנים אזוי שטארק געביטען, אז פרידא האט זיך א ביסעל דערשראקען.

נאך דעם איז זייער געשפרעך געווען לאנגווייליג, אמוועניג־סטענס פאר איהם.

פרידא האט אין איהם געזוכט דאס בעסערע, דעם מענש און דערפאר האט זי איהם דערצעהלט פאר וואס זי האט פארלאזען איהר

מאַן, זי האָט זיך שטאַרק באַמיהט צו באַהאַלטען עדוואַרד'ס אַלע שוואַכקייטען, זי האָט גערעדט וועגען באַבי'ן.

— אַזוי ? האָט איהר געוואָלט ווערען מעהר ווי די שווער אַרבייטענדע פרוי פון אַ מאַן, האַ ? עס איז אייך מיאוס געוואָרען דאָס וואָכעדיגע ? איך האָב מורא עס וועט אייך אַמאָל לייד טאָן. — האָט ער געזאָגט ווערענדיג ערנסט.

אפשר יאָ, ווען איך זאָל ווירקליך גלויבען, אַז א י י ע ר וועג איז דער איינציגער צו ערפאָלג, איך גלויב אָבער אַנדערש.

אין פרידאַ'ס בלויע אויגען איז ערשיענען אַ ווייטער בליק, פול מיט האָפנונג.

---

# „פריינד מאָזער".

זיי האָבען גערעדט וועגען טרייהייט, וועגען דער טרייהייט פון פרויען צו מענער און העלען האָט געלאַכט פון פרידאַ'ן.

נאָך דעם ווי דו האָסט איהם איבערגעלאָזט ווילסטו איהם בלייבען טריי ?

— ניט איהם, מיר אַליין. — האָט פרידאַ ערנסט געענטפערט.

— דאָס איז נאַרישקייטען, ווילסטו מיר זאָגען, אַז ווען דיר זאָל געפעלען אַ מאַן אי פיזיש אי גייסטיג און דאָס לעבען זאָל קלאַפען אין טיר, וואָלסטו זיך ענטזאָגט, ווייל דו ווילסט בלייבען טריי צו דיינע פרינציפען, ו ו ע ל כ ע פרינציפען איך בעט דיך?

— איך זאָג ניט פרינציפען, אָט אַזוי בין איך קאָנסערוואַ־טיוו, אפילו אין ליעבעס אַנגעלעגענהייטען.

— דאָס איז ניט אמת, א י ך ווייס וואָסאַרא הייסע רע־וואָלוציאָנערקע דו ביזט, דענקסטו, אַז איך זעה ניט ווי שווער דיר איז צו שווייגען, ווען מען צורעדט זיך ביים טיש וועגען דער איצטיגער לאַגע אין אייראָפּאַ, אָדער אפילו ביי אונז ? וואָרום שווייגסטו טאַקע ?

— ווייל איצט בין איך נאך א קיינער, מ'וועט זיך אויסלאכען פון מיינע אנשויאונגען, ווארט ביז מיין נאמען ווערט באקאנט, ביז א באריהמטער אקטיאר וועט ארויס אויף דער ביהנע און אין אן איינשטודירטען טאן פארלעגען מיינע רעבעלירענדע געדאנקען, דאן וועט ווערען וויכטיג וואס איך האב צו זאגען, אבער איצט, איצט איז בעסער צו שווייגען.

איך ווייס ניט, ווען איך האב אידעאלען וואלט איך פון די דע־כער געשריען —

— יא, דו ביזט אבער א באריהמטע פערזאן ! — האט זי פרי־דא אונטערבראכען — און איבריגענס איך שוויינ ניט ווייל איך האב מורא, זיי זיינען דאך דיינע געסט.

— מיר האבען דאך גערעדט פון ליעבע, פארגעס די אידעאלען פאר א ווײלע, ווי געפעלט דיר „פריינד מאזער" ?

— ווארום רופען איהם אלע „פריינד" ?

— ווייל זיין געליעבטע טעמא זיינען פריינד, ער שרייבט וועגען דעם, רעדט וועגען דעם, און מענשען זאגען, אז מיט עטליכע יאהר צוריק האט ער אוועקגעליעבט זיין בעסטען פריינד'ס פרוי, אבער איך גלויב עס ניט. ער איז זעהר אן אינטערעסאנטער מענש. הערסטו פרידא, מיר איז ערשט איינגעפאלען, אז ער זאל זיך פאראינטערעסירען אין דיר וואלסטו שנעל פארגעסען אין דיי־נע פרינציפען פון טרייהייט, וואלסט פארגעסען, אז דו ביזט „קאנ־סערוואטיוו" אין ליעבעס אנגעלעגענהייטען.

— ע ר זאל זיך פאראינטערעסירען ? באמערקסטו גאר ניט, אז שוין דעם צווייטען אווענד בעט ער נאר מיך טאנצען ? ער געהט מיר נאך ווי א שאטען, א י ך קינדהעלע דארף זיך פאר־אינטערעסירען !

— אויף ער רייצט דיך ניט ? ער איז זעהר א באריהמטער מענש, און זיין פערזאן איז זעהר א ליעבענסווירדיגע.

— ניין אויך ע ר רייצט מיך ניט.

— פרידא ביזטו פארליעבט.

פרידא האט געשוויגען.:

יענעם אָווענד האָט „פריינד מאָזער" אַנגעווענדעט אַלע זיינע פעפליכקייטען, זיסקייטען, חן, אַלץ זיין גאַנצען „סטאָק" אָבער פרידא איז געבליבען דיזעלבע.

די לעצטע עטליכע טעג פון איהר וועקיישאָן האָט ער איהר גע־רופען „אייזבאָקס", געשוואַוירען, אַז איידער זי פאָהרט אַוועק וועט זי נאָך מיט טרערען אין איהרע אויגען זיך בעטען אַ קוש, און פרי־דא האָט געלאַכט.

איינמאָל, זיצענדיג אויף דעם זאַמד, דער ווייסער שוים פון די כוואַליעס האָט יעדע ווילע אָפּגעוואַשען זייערע פיס, האָט פרידא זעהר אַ טיעפען זיפץ געטאָן.

— איהר ווייסט, אייערע אויגען זיינען שטאַרק עהנליך צום ים. אפשר האָט איהר אַ שייכות צום ים, האָט ער איינגעשלונגען אייער געליעבטען ? — האָט געפרעגט „פריינד מאָזער".

— דעם ים פון לעבען האָט איהם איינגעשלונגען. — האָט פרידא געענטפערט, און זי איז ניט געוועזען זעהר זיכער וועמען זי מיינט...

— שלעכטער ים ! אפשר וועלען מ י ך די כוואַליעס אַרויס־וואַשען צו אייערע פיס ? פיסעלאַך, ס'אַרא קליינע פיסעלאַך ! — האָט ער געזאָגט און צערטליך אָנגעריהרט איהר פוס.

דער אויסדרוק אויף פרידא'ס פּנים איז געוואָרען זעהר שטרענג, זי האָט זיך אַזוי שנעל אויפגעהויבען, אַז דאָס זאַמד פון איהר קלייד האָט זיך אַראָפּגעשיט אויף זיין קאָפּ.

אַז ער האָט זיך אָפּגעטרייסעלט, אויסגעווישט די אויגען און זיך אויך אויפגעהויבען, האָט ער געקוקט גלייך אין איהרע אויגען און דאָס ערשטע מאָל איהר אָנגערופען ביים ערשטען נאָמען:

— פרידא, איהר האָט מורא פאַר מיר !

— איהר שמייכעלט זיך.

— קען עס זיין, אַז מיין וואַרעמע נאַטור ריהרט אייך גאָרניט אָן ?

— וואָרום ניט ? דענקט איהר ווירקליך, אַז איהר זענט אַזוי רייצענד ?

— פאר א סך פרויען.

טא בין א י ך אנדערש. — איך גלייך אייך ניט ! אימיץ האט אייך איינגעשלעפערט, איך וועל אייך אויפוועקען, איך שווער אייך אז איך קען אייך אויף וועקען, דאס לעבען איז צו זיס, איהר ווילט גאר ניט לעבען ? לאזט מיר אייך לערנען, איך קען לעבען ! ער האט גערעדט שנעל, ער האט זיך צוגעבויגען אזוי נאהענט צו פרידא'ן אז זי האט געפיהלט זיין הייסען אטעם, עס האט זיך איהר אויסגעוויזען אז איהרע האר וועלכע דער ווינט בלאזט, באוועגען זיך גאר פון זיין שנעלען, הייסען אטעם און ווען זי האט דער־פיהלט אז זיינע פינגער באריהרען איהר ארים איז זי ווי א וויל־דע אוועקגעשפרונגען פון איהם. ער האט פארשטאנען איהר אפשטוים און האט א גאנצען וועג מעהר קיין איין ווארט ניט אויסגערעדט.

ווען זיי זיינען צוגעקומען צום הויז האט ער געזאגט:

— איך באוואונדער אייך ! עס איז לייכט צו בלייבען טריי, ווען דאס לעבען איז ניט אינטערעסאנט, ווען מען באגעגענט ניט מענשען, וועלכע פרואווען אונז מאכען פארגעסען די געליעבטע פערזאן, אבער צו בלייבען טריי אונטער דעם דראנג פון אן אינ־טערעסאנט לעבען, צו בלייבען טריי ווען אנדערע מעטער זוכען אייער ליעבע, איזווירקליך א העלדענטאט !

פרידא האט געלאכט פון איהם.

אבער ביי זיך אין צימער האט זי זיך גענומען פרעגען פרא־געס: „וואס טו איך ? ענטזאג איך זיך צו ליעבען, ווייל איך בין טריי עדוואורד'ן, אדער ווייל איך האב איהם ליעב ? איצט האב איך שוין ניט דעם אויסרייד, אז איך באגעגען ניט בעסערע ווי מיין מאן און דאריבער בענק איך נאך איהם, דאכט זיך „פריינד מאזער" איז זעהר אן אינטערעסאנטער מענש.

און איינגעשלאפען איז זי א באזארגטע: פון עדוואורד'ן האט זי שוין מעהר ווי א האלב יאהר ניט געהערט.

די אייבינע פרוי !

# אן ענטוישונג.

פרידא האט אפילו ניט באמערקט, אז עס איז אנגעקומען דער אסיען, די אומעטיגע רעגען־טעג האבען זי איצט נאר אויף אזוי ווייט געארט, אז די קינדער האבען ניט געקענט ארויסגעהן אויף דער פרישער לופט, און דאס האט זיי געמאכט בלייך און אומרוהיג און פרידא'ן פאראורזאכט שלאפלאזע נעכט, אבער ווייטער איז זי געוועזען אזוי שטארק פארנומען מיט איהר ארבייט, אז קיין זאך, אפילו דאס בייטען זיך פון סיזאן האט איהר ניט געארט, און ווען די מוטער דערמאנט איהר ניט, אז זי דארף אנטאן ווארעמע קליידער, וואלט זי ארומגעגאנגען אין איהרע זומער־קליידער.

ביז שפעט אין דער נאכט פלעגט זי ארבייטען; אויסשטרייבען, בייטען גאנצע סצענעס, וויעדער אנשרייבען און האבען אמת'ן פארגעניגען פון דאס שאפען.

פארצווייפעלט איז זי איצט ניט געווען. העלען האט זי פארזיכערט, אז ניט אלע מענעדזשערס פארלאנגען אזא פרייז ווי דער פעטער מר. ב., און זי איז געווען זיכער, אז אין קורצען וועט זי טרעפען אזא מאן וואס וועט אפילו ניט קוקען אויב זי האט אויגען, אבי זי שרייבט גוט.

איבערהויפט איז העלען איצט געווארען פיעל ווארעמער צו פרידא'ן. זינט פרידא האט זיך ענטזאגט פון „פריינד מאזערס" ליעבעס־ערקלעהרונגען, האט העלען פאר איהר מעהר רעספעקט בעקראגען זי האט באגריפען ווי ערנסט פרידא איז אין איהר ארבייט און אין איהרע איבערציינונגען.

פרידא האט איצט געהאט זעהר ווייניג צייט פאר די קינדער, זי איז געווען שטארק צופריעדען, אז קינדער קענען אזוי שנעל פארגעסען, זיך אזוי שנעל צוגעוואוינען צו אנדערע. די קינדער זיינען געווען גליקליך, אבער פרידא מיט איהר בענקענדער נאטור האט זיך אפט פארטראכט ווי פארפרעמדט די קינדער ווערען צו איהר און אז באבי פרעגט זעלטען פאר זיין פאטער.

„און פאר וואס זאל ער זיין בעסער פון זיין פאטער ? פרעגט ער זיך אמאל אויף איהם ? ער שיינט צו זיין גליקליך, אז איך האב פון איהם אראפגענומען די לאסט !“

און גראד יענעם אווענד ווען זי האט אזוי נעטראכט האט איהר מוטער געפרעגט :

— א משעק דארף ער שוין אויך נים שיקען ?

— ווער ? — האט פרידא געפרעגט, נוט וויסענדיג וועמען די מוטער מיינט.

—דיין מאן,ער האט שוין דאכט זיך אינגאנצען פארגעסען, אז ער איז א פאטער.

— און עס פעהלען אונז דען זיינע צעהן דאלאר א וואך ? — האט פרידא געפרעגט.

— ניין , אמת, דו פארדיענסט גענוג, מעהר ווי דו מיט די קינדער באנויטיגען זיך, אבער דו קליידסט דיך נים, ווען דו זאלסט זיך וועלען קויפען א נייעם קאוט וואלסטו נים אויסגעקומען, ווי לאנג קענסטו נאך טראגען די אלטע קליידער ? איינמאל אין עטליכע חדשים קען ער דאך שיקען א משעק.

און די ווערטער האבען פרידא'ן געמאכט טראכטען.

„עס איז טאקע נים נאטירליך, שוין עטליכע חדשים יין א י י ן ווארט, אפשר האט עפעס פאסירט מיט איהם ?

זי האט זיך דערמאנט אן פריהעריגע צייטען ווען ער פלעגט אוועקפאהרען און עטליכע טעג נים שרייבען, ווי זי פלעגט דאן ליידען, ווי זי פלעגט זיך זארגען. איינמאל איז זי געווען אזוי זי־כער, אז ער ליגט ערגיץ אין א האספיטאל, אז זי האט זיך גענומען טעלעפאנירען אין די האספיטעלער. דאן פלעגט ער זיך גוט אויס־לאכען פון איהר שרעק, איצט וואלט ער נאך מעהר געלאכט פון איהרע פאניק־געפיהלען ווענען איהם, ווען ער וואלט געוואוסט.

און פרידא האט זיך טאקע פארשעהמט, אבער זי איז געווען אזוי אומרוהיג יענעם אווענד, אז די ארבייט איז נים געגאנגען.

איין מינוט האט זי געוואלט טעלעפאנירען צו זיין מוטער, פרע־גען וואס שרייבט עדווארד. זי איז צוגעגאנגען צום טעלעפאן, איהר

הארץ האָט געקלאַפּט אזוי הויך, אַז זי האָט מורא געהאַט אימיצער וועט הערען, און זי האָט זיך ווידער אוועקגעזעצט.

ווי שווער זי האָט געפּרואווט פארגעסען איז געוועזען אומ־מעגליך: „עפּעס האָט געמוזט פּאַסירען מיט איהם !" האָט גע־האַלטען אין איין קלאַפּען אין איהר מידען מוח.

זי איז געוועזען זעהר מיעד, זי האָט שווער געארבייט, און עט־ליכע טעג האָט זי געדאַרפט באַגעגענען אַ געוויסען מענעדזשער, העלען וועט איהר פאַרשטעלען, העלען איז געוועזען זיכער, אַז ער וועט זיין אַ מבין אויף פרידא'ס ארבייט.

און אַ טאָג פאַר דער באַשטימטער צייט האָט זי ערהאַלטען פון העלענ'ען אַזאַ מין בריוועלע:

„ליעבינקע !

„איך פאַהר מאָרגען פריה נאָך אייראָפּאַ, וועסטו מיט מיר קו־מען צום שיף ? עס איז געקומען זעהר אומערוואַרטעט, איך פאַהר באַשרייבען געוויסע זאַכען. איך האָב געפּרואווט אָפּרופען מיין באַקאַנטען וועגען דיר, אָבער ער איז ניטאָ היינט אין ניו־יאָרק, וועלען מיר דאָס מוזען אָפּלעגען אויף עטליכע מאָנאַטען. דערווייל ארבייט שווער, קינדעלע, דאָס איז דער זיכערסטער וועג צום ער־פאָלג.

„וועסטו קומען מאָרגען ?

דיין העלען."

פרידא'ן האָט אָנגעהויבען שווינדלען פאַר די אויגען, די האַנט וואָס האָט געהאַלטען דאָס בריוועלע איז געוואָרען שטאַר.

„אָפּלעגען אויף עטליכע מאָנאַטען !"

האָט העלען, די ערפאָלגרייכע העלען ניט געהאַט קיין אַהנונג וועגען פרידא'ס קאַמפּף, וועגען פרידא'ס שוועהרער ארבייט, ביינאַכט ווען אנדערע שלאָפען און ווען די פינגער זיינען שוין אזוי מיעד, אַז זיי ברעכען זיך ? האָט זי ניט פאַרשטאַנען ווי אוממעגליך דאָס וואַרטען איז פאַר איהר ? ווי שרעקליך דאָס וואַרטען איז פאַר איהר ? ווי שרעקליך לאַנגווייליג די לאַנגע טעג טרוקענע ארבייט

אין אַפּים זיינען, ווען דער קאָפּ איז פאַרנומען מיט יענער וויכ־טיגער ארבייט.

און א חוץ אלץ, האָט זיך פרידא שטאַרק באַנויטיגט אין געלט. פון איהר ברודער האָט זי ניט געוואָלט פאַרלאַנגען אויף קליידער, אויף רוהען, און איין גאָט ווייסט ווי זי באַנויטיגט זיך אין ביידע זאַכען.

זי איז געווען אַזוי מיעד, זי האָט זיך אַזוי געריכט אויף אַן אמת'ן יום־טוב מיט די קינדער אין דער נאָהענטער צוקונפט, אַז דאָס האָט איהר געהאָלפען אריבערטראָגען די שווערע צייטען.

אָבער איצט, איצט ווארטען עטליכע מאָנאַטען, דאָס איז גע־ווען שרעקליך!

זי איז געווען זעהר פאַרצווייפעלט, זי האָט ניט געוואוסט, אַז ערפאָלג איז ניט ווייט פון איהר טיר.

---

# ביים טיר פון ערפאָלג.

און דאַן, ווען אַלץ האָט אויסגעזעהן פּוסט האָט זי באַגעגענט איהר אַלטען פריינד הערלאָד וועלמאַן.

ער האָט זיך ערשט געהאָט צוריקגעקעהרט פון אייראָפּאַ און צו א באַנקעט, וואָס איז געגעבען געוואָרען צו זיין עהרע, האָט איהם פרידא וויעדער געזעהן.

און באַלד איז אַלץ געוואָרען אַנדערש. דער גוטער אַלטער וועלמאַן וועלכער, פלעגט אַמאָל סימפּאַטיע זוכען אין זיינע שלעכ־טע צייטען, ער האָט איצט גענומען לייענען פרידא'ס „געשריי־באַכץ" ווי ער האָט עס גערופען אויס סימפּאַטיע צו איהר, אָבער ווען ער האָט איבערגעלעזען דעם ערשטע אַקט פון א פּיעסע איז ער געוואָרען אַזוי הינגעריסען, אַז ער האָט פאַרגעסען מיטאָג עסען.

און נאָך יענעם נאָכמיטאָג האָט ער פרידא'ן פאַרגעשטעלט פאַר

א מענעדזשער און יענעם אוועקגעגעבען די פיעסע מיט אזעלכע ווארעמע ווערטער, אז פרידא האט געדענקט, אז אלץ איז א חלום.

דער מענעדזשער איז געווען אן אלטער מאן און ווען פרידא האט איהם ערשט באגעגענט, האט זי פאר איהם מורא געהאט. עפעס האט ער אויסגעזעהן אזוי שטרענג, אזוי געשעפטסמעסיג, אז זי האט מורא געהאט, אז ער וועט זיין צו שטרענג צו איהר ארבייט.

אבער פון זייער ערשטער באגעגעניש איז ווייניג ארויסגעקומען; ער האט צוגענומען די פיעסע, עס פארשפראכען צו לעזען און מעהר קיין ווארט ניט אויסגערעדט.

פרידא האט ניט געוואוסט ווען זי דארף ווידער קומען, וואס זי דארף טאן, אבער איהר געדולד האט זי אזוי ווייט פארלוירען, אז זי איז געצוואונגען געווען אויפצוגעבען איהר שטעלע.

און איצט האבען זיך אנגעהויבען לאנגע טעג פול מיט ערווארטונגען.

שרייבען האט זי ניט געקענט, זי איז געווען צו אויפגערעגט. און טראצדעם וואס זי האט געהאט צייט, האט זי אפט געבעטען טאנטע בעקי'ן זי זאל ניט זאגען די קינדער, אז זי איז אין הויז. זי פלעגט זיך איינשפארען אין איהר צימער און קוקען אין סופיט. אין איהרע געדאנקען זיינען געווען א געמישטער טאנץ.

האט געקלונגען דער טעלעפאן, האט איהר האנט אזוי געציטערט, אז זי פלעגט זיך דערשרעקען. איז זי אוועק מיט די קינדער אין פארק, האט זי זיך ווידער געאיילט אהיים, אפשר איז דא א בריעף.

און דערווייל זיינען אוועק וואכען. פרידא האט שוין אנגעהויבען צו פיהלען א ביסעל געלט-מאנגעל און דאך האט זי איצט ווייניג געטראכט וועגען געלט. די הויפט-זאך איז געווען, אז זי האט עפעס צו זאגען, עפעס וואס זי וויל אנדערע זאלען אויך וויסען, און עפעס, וואס וועט אפשר א ביסעל העלפען דער מענשהייט זיך אויסבעסערען, און אז דער עפעס וועט אין קורצען איבערגעגעבען ווערען צו דעם פאלק.

נאך פאר דריי וואכען איז געווארען א יאהר, אז זי איז אוועק פון עדווארד'ן און איצט, אין די שטורעמדיגע טעג פלעגט זי אויך א טראכט טאן וועגען דעם, און פלעגט זיך אפט פארשטעלען איהר פריהעריג לעבען, ווען א דאלאר האט געשפיעלט אזא גרויסע ראלע.

איצט איז זי געווען פיעל ארימער ווי פריהער, אבער עס איז איהר גאר ניט אויסגעקומען צו טראכטען וועגען געלט. געלט איז איצט ניט געווען וויכטיג.

עס איז געווען פרייטאג פריה ווען זי האט באקומען דעם בריעף צו קומען צו דעם מענעדזשער.

און פרייטאג וועט אימער בלייבען א ליעבער טאג אין איהר זכרון.

דער שטרענגער אלטער איז געווען א נייער מענש; ער איז איצט געווען פריינדליך און האט צו איהר גערעדט ווי צו זיין גלייכען, ניט ווי פריהער, קוקענדיג אויף עפעס אנדערש.

— מרס. גילבערט, איך דענק, מיר וועלען טאן ביזנעס.

— עס געפעלט אייך? — האט פרידא געפרעגט אין אזא אויפגערעגטען, נייגעריגען טאן, אז דער אלטער האט געשמייכעלט. זי האט ניט פארשטאנען, אז איהר אויפגערעגטקייט וועט איהר קאסטען געלט, וואס מעהר זי ציינט ארויס נייגעריגקייט, אלץ ווענינער וועט ער איהר צאהלען פאר איהר ארבייט.

אבער וואס האט זיך פרידא איצט געקימערט וועגען געלט? עס געפעלט איהם, עס וועט געשפיעלט ווערען! דאס אליין איז שוין געווען גענוג!

זי האט פארגעסען, אז ווען זי איז אוועק פון איהר מאן, איז זי געווען אזוי שטארק פארביטערט געגען איהם, געגען די אומשטענדען וואס מאכען פון דער גרעסטער צאהל פארהייראטע פרויען טאג און נאכט שקלאפען, אז זי האט יא געהאפט אויף געלט, געלט וואס וועט מאכען איהר לעבען לייכטער, געלט, וואס וועט אוועקנעמען די אלע גראבע ארבייטען צו וועלכע זי קען זיך קיינמאל ניט צופאסען, געלט וואס וועט זי מאכען אומאפהענגיג פון אירגענד וועלכען מענש!

איצט האט זי גאר געטראכט פון ערפאלג און אז דער אלטער האט גערעדט האט זיך איהר אויסגעוויזען, אז איהר הארץ הערט אויף צו קלאפען.

— ווען וועט עס אויפגעפיהרט ווערען ?

— איהר זענט אנדערש ווי די דורכשניטליכע שרייבער, איהר פרעגט גאר ניט וועגען געלט ?

אבער מיט דער געשעפטס־זייט האט זיך פרידא זעהר ווייניג געקענט אפגעבען. זי איז געוועזען צו אויפגערעגט און ווען זי איז געקומען אהיים מיט אן אונטערגעשריבענעם קאנטראקט האט זיך איהר ברודער זעהר געערגערט וואס זי האט ניט מיטגענומען אן אדוואקאט, זי וואלט געוועזען געקענט באקומען מעהר געלט.

אבער פרידא האט בלויז געלאכט פון איהם, אז די פיעסע וועט זיין אן ערפאלג, וועט זי סאי ווי באקומען מעהר געלט, ווי זי האט וועגען עס איז גע'חלומ'ט צו פארמאגען.

---

## א שרעקליכע ענטדעקונג.

אין גאר א קורצע צייט האט מען אנגעהויבען צו רופען פרידא'ן אין טעאטער. די פארבערייטונגען פון די ערשטע פראבעס האבען זיך שוין אנגעהויבען.

דער אלטער פלעגט נאך איהר שיקען און זיך מיט איהר דורכרעדען וועגען געוויסע כאראקטערען, וועלכע אקטיארען עס וועלען זיך פאסען דערצו, און וועגען דער אויסשטאטונג פון די סצענעס.

אמאל פלעגט זי געהן צו איהם אין אפיס און א סך מאל פלעגט זי איהם זוכען צווישען די קוליסען אין די עטליכע טעאטערן וואס זיינען געווען אונטער זיין דירעקציאן.

און אזוי פלעגט איצט אויסקומען זיך נעהנטער צו באקענען מיט דעם טעאטער און טעאטער־ארבייטער.

און אויך די טעג איז זי געווען זארגלאז, טראצדעם וואס אין

איהר טאש האט זי געהאט א טשעק־ביכעל און די קינדער זיינען געוועזן אין פארק מיט א „נוירס".

עס איז איהר אפט אויסגעקומען כמעט זיך צו קריגען מיט דעם אלטען ער האט אזוי פיעל געוואלט בייטען אין איהר ארבייט, אז זי איז איינמאל אזוי ווילד געווארען, אז זי האט צוריק געבעטען די פיעסע.

פון דעם אלעם איז גאר ניט געווארען; אז זי האט זיך צו־שריען האט ער א ביסעל נאכגעגעבען.

און וועגען עדווארד'ן ווי זי זאל ניט וועלען האט זי דאך גע־מוזט דענקען.

קען עס זיין, אז ער האט פארגעסען די קינדער? און זיין מוטער האט איהר אפגערופען און מיט א צובראכענע הארץ זיך בא־קלאגט, אז זי ווייס פון איהם קיין זאך ניט, און פרידא האט גוט געוואוסט ווי ליעב ער האט זיין מוטער און די קינדער.

„עס קען ניט זיין קיין ריינע זאך, ער איז ווי אין וואסער אריין !" האט געשריען זיין מוטער און פרידא האט געפיהלט א טיעפע באשולדיגונג אין איהר טאן.

אין איהר פארקעהר מיט דעם מענעדזשער איז איהר אפט אויסגעקומען צו זעהן פראבען פון אנדערע פיעסען און פרידא'ן האט דאס שטארק אינטערעסירט, זי האט דערפון אזוי פיעל גע־לערנט. עס איז ניט געוועזן די פאלירטע, אויסגעצייכענטע פיע־סען וואס ווערען אוועקגעשטעלט אזוי פערפעקט פאר דעם אויג פון צושויער, עס איז געוועזן דאס רויהע מאטעריאל, פול מיט פעה־לערען, פון וועלכע מען האט א סך געקענט לערנען, איבערהויפט טעכנישעס.

און איינמאל צוקוקענדיג זיך צו אט אזא פראבע איז פרידא'ן זעהר אויפפאלענד געווארען א געוויסער האלב־משוגע'נער, האלב־קאמישער־טיפ.

דער מענש איז איהר געוועזן זעהר באקאנט, זיינע ווערטלאך האט זי כמעט געקענט אויסוועניג !

דאס איז געוועזן אן אינטערעסאנטער טרעמפ וועמען זי האט

באגעגענט אין די בערג דעם ערשטען זומער נאך איהר חתונה.

ער האט געהאט א טענט אין שכנות מיט זייערען, און עד־װארד'ן איז ער אזוי געפעלען געװארען, אז ער האט פארבראכט זעהר פיעל צייט מיט איהם.

זיי האבען צוזאמען געקלעטערט אויף די בערג, צוזאמען געכאפט פיש און צוזאמען געלאכט פון דער װעלט.

ער איז געװען זעהר א זאנדערבארער מענש, זיינע װערטלאך זיינען געװען אריגינעל און ער האט געהאט אן אייגענע פילאזאפיע.

און אז עדװארד פלעגט אמאל רעדען װעגען שרייבען, פלעגט ער אימער זאגען, אז אט דער פילאזאפישער פאעט װעט אמאל זיין א װיכטיגער טיפ פון זיין ערשטער דראמא.

און איצט האט פרידא געזעהן דעם טיפ אויף די ברעטער פון א ניו יארקער ביהנע!

דער זעלבער מענש, איין פום שלעפט ער א ביסעל נאך, דער זעלבער קרומער שמייכעל, די זעלבע געלונגענע װערטלאך!

װי היפנאטיזירט איז פרידא געזעסען אין דעם האלב־פינסטערען טעאטער און נאכגעפאלגט יעדע קלייניגקייט פון דער פיעסע.

די הויפט העלדין איז געװען א פרוי, א זעהר אידעלע, א זעהר אידעאלע פרוי, איהרע טהאטען זיינען געװען אזעלכע גוטע, װי דער פארפאסער װאלט פון איהר װעלען מאכען א גאטין.

און פרידא האט געלאכט פון איהר ערשטען איינפאל: „אפשר האט דאס עדװארד אנגעשריבען!" ניין, זי איז געװען זיכער, אז עדװארד װעט אזוי ניט שרייבען װעגען א פרוי. אמאל האט ער געהאלטען פון איהר װי פון א מין איבער־מענש, אבער שפעטער — פרידא האט ניט געװאלט טראכטען װעגען דעם שפעטער, איין זאך איז זי געװען זיכער, אז זיינע געדאנקען װעגען פרויען זיינען געװען זעהר ביטערע.

אבער נאך דעם װי דער צװייטער פארהאנג האט זיך אראפגעלאזט, האט זי זיך ניט געקענט מעהר איינהאלטען. איז עס מעגליך, אז נאך אימיצער האט באגעגנט זייער אלטען באקאנטען און האט איהם אזוי קינסטליך רעפראדוצירט?

אונטער די קוליסען האט זי געפרעגט:

— וואו איז דער פּראָפעסער, איך וואלט זיך וועלען מיט איהם באקענען.

דעם דירעקטאר'ס פּנים איז געווארען זעהר טרויעריג און ער האט שטיל געענטפערט, ווי ער וואלט רעדען אין דער נעגענוואַרט פון א טויטען:

— ניין, איהר קענט איהם ניט זעהן.

— ווארום? ! — האט פרידא געפרעגט און געפיהלט ווי עפּעס וואלט זיך אין איהר אפּגעריסען.

— ווייל ער איז זעהר קראנק, ער האלט ביים שטארבען, אפשר איז ער שוין טויט.

— און וואס איז זיין נאמען?

— הערט, עס פאלט מיר ערשט איין, אפשר זענט איהר זיך קרובים? זיין נאמען איז אויך גילבערט, עדוואַרד גילבערט!

פאר פרידא'ס אויגען האבען רויטע, פייערדיגע פיגורען גענו־מען טאנצען.

אין דער סעקונדע האט זי ניט געטראכט וועגען דעם ווערט פון דער פּיעסע, ניט וועגען דער פרוי וועלכע איז אזוי שטארק עהנליך געווען צו איהר אליין און אויך ניט וועגען איהרע קריוודעס צו איהר מאן, זי האט אן דאס אלץ פארגעסען, פארגעסען אן דעם דירעקטאר וועלכער האט א פארוואונדערטער געקוקט אויף איהר און אז יענער האט געפרעגט:

איהר פיהלט זיך ניט גוט?

האט פרידא שנעל געענטפערט:

— יא, זעהר גוט! — און מיט א ציטערענדע האנט געווישט דעם קאלטען שווייס פון איהר שטערן, זי האט זיך איצט דער־מאנט אז באלד וועלען זיי ביידע זיין באריהמטע מענשען, די וועלט טאר ניט וויסען וועגען זייער אייגענער דראמא. פּלוצלונג האט זי זיך הויך צולאכט; „וואס קימערט מיך איצט די וועלט? !

— גיט מיר זיין אדרעסע, וואו איז ער? !

און ווען זי איז מיט דעם שטיקעל פאפיר אויף וועלכען ער האט ערשט אנגעשריבען די אדרעסע ארוים געלאפען האט דער דירעק־טאר פארוואונדערט געצווינגען מיט די פלייצעס.

— מארגע מענשען די שרייבער. — האט ער שטיל געזאגט.

---

## איהר ערוואכונג.

טראצדעם וואס די באהן איז אזוי שנעל געלאפען האט זיך פרידא'ן אויסגעוויזען, אז דער טויט לויפט נאך שנעלער.

איידער זי האט זיך געלאזט אויף דער לאנגער רייזע האט זי גערופען אויף דעם טעלעפאן דעם האספיטאל וואו עדווארד איז געלעגען.

„יא, ער לעבט נאך, אבער עס איז בלויז א פראגע פון טעג אפשר שטונדען", איז געקומען דער ענטפער פון דער ווייטער שטימע.

און ניט רעכענענדיג זיך מיט קיין זאך, האט זי זיך געלאזט פאהרען צו איהם.

די עטליכע מינוט וואס זי האט פארבראכט אין הויז, האט זי אפילו ניט א קוק געטאן אויף די קינדער. קיין זאך איז איצט פאר איהר וויכטיג. עדווארד שטארבט און זי וויל איהם זעהן!

ערשט ווען זי האט זיך צוזאמענגעצויגען אין א ווינקעל פון וואגאן האט זי געפיהלט ווי צובראכען יעדער גליד איז איהר.

אבער געטראכט האט זי נאר וועגען איהר מאן, די ווערטער: „ער האלט ביים שטארבען", האבען אויסגעמעקט אלע זיינע פעה־לערען.

ער שטארבט, ערגעץ אין א פרעמדער מיטעל־וועסטערנער שטאדט, צווישען פרעמדע, אליין, און זי, פרידא, זיין אמאליגע געליעבטע האט זיך געלעבט אין ניו יארק א רוהיגע און אפילו ניט געוואוסט!

זי איז דאָך די מוטער פון זיינע קינדער, האָט ער דאָס גאָר־געסען? פיהלט ער אזא ביטערקייט צו איהר, אז אפילו איצט אין זיינע לעצטע שטונדען קען ער איהר ניט פארצייהען?

און אליין האָט זי זיך גענומען שטרענג אורטיילען; אליין האָט זי צושטערט זייער לעבען, ווען זי האָט ניט אין זיך אזא רעד־בעלירענדעס בלוט וואָלטען זיי נאָך איצט געלעבט צוזאמען און ער־צויגען די קינדער.

אָבער ווען פרידא האָט זיך דערמאָנט אָן זייער צוזאמענלע־בען איבערהויפט די לעצטע יאָהרען איז זי געווען צופריעדען וואָס זי איז אוועק פון איהם.

„ווען איך בלייב נאָך פיעל לענגער וואָלט עס אפשר געקומען דערצו,אז מיר זאָלען זיך צופּאַטשען!" האָט זי איצט געטראַכט און זיך געפרייט וואָס זי איז אוועק. זי האָט געמאַכט עפּעס פון דעם מיט וואָס די נאַטור האָט זי באַשענקט, אין א קורצער צייט וועט זי ווערען באַריהמט און ער, ער האָט דאָך אויפגעשריבען אזא וואונדערבארע זאַך, אזוי וואָלט ער נאָך אָלע געווען פארשקלאַפּט און „מאַכען א לעבען" פאַר איהר מיט די קינדער, און זיין טאַ־לאַנט וואָלט אויף אייביג איינגעשלאָפען! עס איז בעסער אזוי.

און טראַכטענדיג האָט זי פארגעסען ווי זי איז, פּלוצלונג האָט זי זיך דערמאָנט: ער האַלט ביים שטאַרבען! אפשר איז ער שוין טויט.

עס האָט זיך איהר אויסגעוויזען, אז אימיצער שרייט די ווער־טער אריין דורך דעם פענסטער, מען שרייט איהר אין פּנים פון דער שנעל פארביילויפענדער פינסטערניש.

זי האָט געוואָלט אויפשפּרינגען רייסען איהר קאָפּ. זי האָט ניט באַגריפען ווי זי קען זיך האַלטען אזוי רוהיג.

„האָב איך איהם ניט ליעב?" האָט זי זיך איצט געפרעגט און האָט גענומען נאָכזוכען אין איהר הארצען, קען עס זיין, אז עס איז בלויז רחמנות, די עראינערונגען וואָס פיהרען איהר איצט צו איהם?

ניין, פרידא איז געווען זיכער, אז זי האָט איהם ליעב, אז זי פליהט צו איהם, ווייל זי האָט איהם ליעב, טויזענדער איינצעל־הייטען האָבען איהר איבערציינגט אין דעם.

איז ער ניט־ווילענדיג דען ניט געווען דער צענטער פון יעדען געדאַנק איהרען ? טאָ ווי האָט זי איצט געקענט שווייגען ? וואָס האָט זי ניט געשריען הויך ? ! האָט זי זיך געפרעגט און די געדיכטע טרעהרען וואָס זיינען גערונען אראָפּ מיט איהר פּנים האָט זי בע׳גנבה אָפּגעווישט, זי האָט ניט געוואָלט, אז אַנדערע זאָלען זעהן איהרע ליידען.

נאָך צוועלף בייגאַכט האָט זיך די באַהן אָפּגעשטעלט אויף א לענגערע צייט אויף דער סטאַנציע פון א קליין שטעדטעל, פרידא האָט זיך באַנוצט מיט דער געלעגענהייט און טעלעפאָנירט אין האָס־פּיטאַל, און ביז דער ענטפער איז געקומען האָט זיך איהר אויסגע־וויזען, אז יעדער האָר אויף איהר קאָפּ האָט זיך איהר אוועקגע־שטעלט, און אז אַלע מענשען וואָס עסען אזוי איילענדיג די „סענדוויטשעס" אין דעם קליינעם רעסטאָראַן פון דער סטאַנציע קוקען גאָר אויף איהר.

„ער לעבט נאָך". איז געווען דער ענטפער.

און פרידא׳ן האָט זיך אויסגעוויזען עס נעהמט יאָהרען ביז די באַהן שלעפּט זיך ארוים פון דער סטאַנציע.

עס איז געווען א נעבעלדיגער גרויער פריה־מאָרגען ווען זי איז אָנגעקומען צום האָספּיטאַל.

ערשט האָט מען זי אפילו איין אָפּים ניט געוואָלט אריינלאָזען. אָבער איצט האָבען איהרע שווער קאָנטראָלירטע נערווען ווי גע־פּלאַצט, א היסטערישע האָט זי גענומען מיט ביידע פויסטען קלאַפּען אין דער גלעזערנער טיר, ביז עס האָט געווירקט.

און אינוועניג האָט מען איהר דערצעהלט, אז עס איז שוין וואָכען, אז ער איז קראַנק — טיפוס !

זיין האַרץ איז שטאַרק און עס האַלט אוים דעם שרעקליכען קאַמפּף מיט דעם פיבער, אָבער ווי לאַנג ער וועט נאָך קענען אוים־

האלטען איז שווער צו זאגען, ווייל ער איז זעהר שוואך און זעהר אפט איז עס א פראגע בלויז פון מינוטען.

ער איז אין האספיטאל געבראכט געווארען פון זיין „קעמפ“ צווישען די בערג, ווי עס שיינט איז דאס וואסער געווען פול מיט טיפוס־באצילען.

פרידא'ן האט מען ניט געוואלט צולאזען צו איהם, ער רופט איצט.

---

# א בריעף.

שוין די פערטע וואך, אז פרידא איז אין האספיטאל און עד־ווארד האט זי נאך ניט געזעהן. זי זעהט איהם יעדען טאג און מיט דעם לעבט זי. די נוירסעס צווינגען איהר עפעס צו עסען, אבער זי ווייסט ניט וואס דאס איז. ווי א שולדיגער הונט ליגט זי ביי זיין טיר פון באגינען ביז שפעט אין דער נאכט.

און קיין האפנונג איז אלץ ניטא. מאנכע טעג ווערט דאס פי־בער קלענער, אבער דאן ווערט דער פולס אזוי שוואך, אז דאס פנים פון דער נוירס ווערט לאנג און פרידא ווייס, אז יענע דענקט, עס איז שוין די לעצטע מינוטען.

דאן לאזט די נוירס פרידא'ן קומען נעהענטער, אבער עדווארד דערקענט איהר ניט, ער גיט ניט קיין צייכען פון לעבען. ווען ער רעדט איז זיין שטימע אזוי שוואך, קינדעריש, עס דערמאנט איהר אן באבי'ס שטימעלע און דאס הארץ ווערט צוריסען אויף שטיקער.

זי ערלויבט זיך ניט צו אנאליזירען איהרע געפיהלען. האט זי איהם פארצייעט ? איז אלץ געווען א טעות ? איז עס דער שאטען פון טויט, וואס מאכט איהר פארגעסען אן דער פארגאנ־גענהייט ?

זי וויל איצט קיין זאך ניט וויסען. אפילו אין איהר מוטער'ס

בריעף לעזט זי נאר די ערשטע שורות: „די קינדער זיינען א דאנק גאט געזונט". מעהר וויל זי ניט וויסען.

אין איהר צימער ליגט א בארג מיט צייטונגען, עס דערלאנגט שוין באלד ביז אין בוידעם. פרידא באהאלט אלץ „אויף בעסערע צייטען". און ווען א יונגער דאקטאר צייגט איהר איהר אייגען בילד אין א זשורנאל, ציהט זי אויף די פלייצעס, ווי זי וואלט גע־קוקט אויף א פרעמדער.

איהר ווערט באריהמט — זאגט ער. — זעהט נאר וואס די קריטיקער שרייבען וועגען אייער פיעסע.

און פרידא פרעגט:

— וואס איז זיין פולס איצט, דאקטאר? זעהט ער ניט אויס א ביסעל בעסער היינט?

— אפשר, — זאגט דער דאקטאר העפליך און וויל רעדען וועגען עפעס אנדערש.

איין נאכמיטאג האט ער געפיהלט זעהר שלעכט. פרידא ביי דער טיר האט געזעהן ווי די נוירסעס לויפען ארום און ווי ערנסט דעם הויפט דאקטאר'ס פנים איז. „שוין באלד זעקס און דרייסיג שעה ווי מ'קען ניט טרעפען זיין פולס", האט זי געהערט ווי דער דאקטאר זאגט צו דעם פראפעסאר.

— לאזט מיך אריין! — האט זי זיך געבעטען.

— ניין! — האט דער פראפעסאר שטרענג געזאגט — אפשר וועט נאך א נס געשעהן. די קלענסטע אויפרעגונג קען איהם טויטען.

און ווען די נוירס האט באמערקט ווי שרעקליך פרידא זעהט אויס, האט זי איהר א שטופ געטאן א בריעף: עס איז פון איהם, לעזט עס!"

ווי א ווילדע איז זי אריינגעלאפען אין איהר צימער. אויף דעם קאנווערט איז געווען אויפגעשריבען אין עדווארד'ס האנט־שריפט: „נאך מיין טויט שיק עס צו מיין פרוי, פרידא גילבערט".

און פרידא גילבערט האט געלעזען:

„טייערסטע: —

„ווי אַנדערש וועט זיין דער בריעף מיינער פון דעם לעצטען. איצט וועט פעהלען דאַס ביטערע, דאַס איראָנישע, ווייל איצט פארשטעה איך דיך מעהר, איצט וואָלט איך געוואָלט פאַלען צו דיינע פיס און דיך בעטען אום פארצייאונג, אָבער עס איז צו שפּעט. ווען דו וועסט די שורות לייענען וועל איך שוין זיין טויט.

„ניין, כ'האָב עס ניט אַליין געטאָן. אפילו אין די פינסטער־סטע מאָמענטען פון זיין לעבען, ווען כ'האָב אזוי געבענקט נאָך דיר, אַז כ'האָב פארגעסען אָן אַלץ (נאָר מיין עקשנות האָט מיך ניט געלאָזען לויפען צו דיר), אפילו דאַן האָב איך ניט געטראַכט וועגען טויטען זיך. איך מעג זיין וואָס אימער, אָבער איך בין ניט קיין פייגלינג.

„דער טויט איז צו מיר געקומען אין דער פאָרמע פון טיפוס באַציעלען דאָרט אויף די בערג, וואו איך פלעג אזוי בענקען נאָך דיר, וואו כ'האָב מיך אויסגעלערנט דיך בעסער צו פארשטעהן.

„ס'איז מיר שווער צו שרייבען. די נוירס זאָגט, אז כ'האָב בלויז 102 גראַד היץ. איך ווייס אויך, אז דער טויט קוקט מיר אין פּנים. די גוטע נוירס זאָגט, אז ניין. זי האָט מיר ניט געלאָזען שרייבען, אָבער איך האָב איהר צוגעזאָגט, אז כ'וועל לעבען. וועל איך איהר מאַכען פאר דער העלדין פון דער נעקסטער פיעסע.

„וואָס האָב איך געטאָן? זיך געלערנט, געפּרובט אויסבעד־סערען דעם גרויסען טעות, וואָס מיין פריהעריג לעבען איז געווען. איך באַגרייף גאָר ניט ווי האָב איך געקענט אזוי האנדלען צו דיר? אָבער גלויב מיר, קינד, עס זיינען געווען די אומשטענדען, דער טעגליכער קאַמף צו לעבען, וואָס האָט מיך געמאַכט וואָס איך בין איך דאַן געווען.

„אויב איך וועל לעבען, וועל איך קומען און דיך בעטען אום פארציהונג. אוי בנים, ווייל איך דו זאָלסט זעהן מיין פיעסע און זיך דאָרטען דערוויסען, ווי היים איך האָב דיך געליעבט.

„איך וויל אויך, דו זאָלסט די קינדער" — — —

דא האט זיך געענדיגט דער בריעף, און אין א פרעמדער האנד־שריפט איז אין א ווינקעל געווען צוגעשריבען:

„איצט האט מר. גילבערט געהאט הונדערט און פינף גראד היץ: איך האב ביי איהם צוגענומען די פעדער.

„די נוירס

„דעם אכטען יאנואר".

---

# תחית המתים.

דורך דעם שליסעל־לאך האט פרידא אריינגעקוקט ווי מען זעצט־אויף עדווארד'ן צום ערשטען מאל.

איהר פרייד איז געווען אזוי גרויס, אז זי האט ניט באמערקט, אז אימיצער מאכט־אויף די טיר, ביז זי האט באקומען אזא שטארקען קלאפ אין נאז, אז זי איז שיער ניט אומגעפאלען.

דאס איז געווען דער יונגער דאקטאר, און געוועהנליך העפליכער מענש האט זיך איצט הויך צולאכט:

— אז מען שטעהט הינטער'ן וואנט, מרס. גילבערט — — —

— מיך ארט ניט — האט איהם פרידא געפרואווט פארזיכערען, אבער פון איהרע אויגען האבען גערונען טרערען און פון נאז בלוט.

און אזוי ווי זי האט איצט געמוזט בייטען איהר פארבלוטינטע בלוזקע, האט גענומען נאך פופצעהן מינוט איידער זי האט געקענט אריינגעהן צו איהר מאן.

אין אט דער צייט האט עדווארד געפרעגט:

— מיס שערי, מעהר ניטא קיין פיבער?

— מעהר ניטא קיין פיבער.

— איך וועל שוין מעגען זיצען?

— יעדען טאג פופצעהן מינוט.

— און שרייבען?

— אין עטליכע מאנאט ארום.

— איך מיין א בריעף, מיס שערי.

— אויך נים.

— ווי קענט איהר זיין אזוי שלעכט ? טא שרייבט איהר פאר מיר.

— ני—ט איצט.

— מעג איך זעהן מיינע בריעף ?

זי האט פאר איהם פארגעלעזען עטליכע בריעף פון זיין מע־נעדזשער.

— און אנדערע בריעף האב איך נים ? מיין פאמיליע האט מען נים געלאזט וויסען ?

—ניין.

— און מרס. גילבערט... — האט ער עפעס געוואלט פרע־גען, אבער ער איז געווארען אזוי בלייך, אז די נוירס האט איהם באלד צוריק אוועקגעלייגט.

—איהר ווייסט, מיס שערי, עס פלעגט זיך מיר אלץ אויס־דאכטען, אז מיין גאנץ צימער איז באצויגען מיט א געדיכטען נעץ.און די נעץ לאזט מיך נים ארויס פון דאנען.

— פארגעסט שוין אן אט די זאכען. וואלט איהר וועלען זעהן מרס. גילבערט ? — האט זי געפרעגט און נים פארשטאנען פאר־וואס פרידא פארשפעטיגט זיך.

— זי וויל מיך נים זעהן — האט ער טרויעריג געענטפערט.

— און ווען איהר וואלט אויסגעפונען, אז איהר האט א טעות ?

— די איינציגע זאך וואס וואלט מיך איבערצייגט איז, אז זי זאל פלוצלונג אויסוואקסען ביי מיין בעט, אט דא נעבען די בלו־מען. ווער האט מיר געשיקט די בלומען ?

— מרס. גילבערט.

— וואו איז זי ? — האט ער געפרעגט אין אזא אויפגערעגטען טאן, אז די נוירס האט אנגעכאפט זיין פולס.

— אויב איהר וועט זיין רוהיג וועל איך איהר ערלויבען אייך צו זעהן. זי איז שוין דא דעם צווייטען חודש.

עדוואַרד האָט ניט געענטפערט קיין וואָרט, נאָר די דעק אויף זיין ברוסט האָט זיך שנעל געהויבען.

— נו, וואָס פרעהט איהר זיך ניט ? — האָט געפרעגט די נוירס.

— איך האָב מורא, אז באַלד וועט איהר זאָגען, אז איך רעג זיך אויף און מיר געבען נייע באַפעהלען — האָט ער מיט א שמייכעל געענטפערט.

גראַד דאַן איז פרידא אריינגעקומען אין צימער.

איהר נאָז איז געווען צוקלאַפּט, און עס איז איהר געווען גוט וואָס זי קען איצט וועגען דעם רעדען.

— א שעהנעם נאַז ברענג איך דיר.

— מרס. גילבערט האָט זיך צושלאָגען מיט אימיצען — האָט די נוירס געלאַכט און פארלאָזען דאָס צימער.

פרידא איז צוגעגאַנגען נעהענטער.

עדוואַרד האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנט צו איהר.

— וועלקאַמען צו אונזער וועלט ! — האָט פרידא מיט א שמייכעל געזאָגט.

— זאָל איך זיך פרעהען וואָס איך בין צוריקגעקומען פון יענער וועלט ?

— געוויס!

— וועסטו מיך אריינלאָזען אין ד י י ן וועלט ? — האָט ער געפרעגט.

און אלס ענטפער האָט פרידא ארויפגעלעגט איהר קאָפּ אויף זיין בעט.

זיין אויסגעדאַרטע האַנט האָט ציטערענדיג געגלעט איהרע האָר.

שפּעטער האָט זי איהם געצייגט בריעף וועגען זיין און איהרען ערפאָלגען, אבער מעהר געפרעהט האָבען זיי זיך מיט א קליין בילדעלע אין וועלכען באָבי האָט געשלעפט זיין שוועסטערל׳ס קלייד.

— זי קען שוין אליין געהן ? — האט ער געפרעגט.

— שוין לאנג.

— און באבי בענקט נאך מיר ?

— זעהר. — האט פרידא געענטפערט און געטראכט וועגען דער לייכטזיניגקייט פון א קינד'ס זכרון.

— און דו פרידא האסט געבענקט ? — האט ער געפרעגט און עפעס געזוכט מיט די אויגען. פרידא האט אויסגעמידען זיין בליק, ניט ווילענדיג זיינען איהרע געדאנקען צוריק געפלויגען צו יענע ערשטע טעג פון זייער הייראט, ווען זי האט זיך געגעזעגנט, מיט יעדען הויך פון איהר נשמה איבערגעגעבען צו איהם, און ווי ער האט דאן יענע איבערגעבענהייט איהרע מיספערשטאנען און מיסברויכט... ניין איצט וועט זי זיין פארזיכטיג, ווי שטורמדיג איהר הארץ זאל ניט קלאפען פאר איהם, וועט זי עס פרובען א ביסעל איינשטילען, אדער עס פון איהם באהאלטען...

און פיהלענדיג דעם דראנג פון זיין בליק אויף זיך האט זי לאנגזאם געענטפערט:

— יא איך האב אויך געבענקט, אבער מיינע אייגענע גע־פיהלען האבען ביי מיר א קליינע ראלע געשפיעלט. איך האב שווער געארבייט, און זיך וועניג געקימערט מיט מיין הארץ.

— און יעצט פרידא, וועסטו מיר קענען א שטיקעל פלאץ אין דיין הארץ ?

— יא איך וועל קענען. — האט זי קורץ געענטפערט און גע־פרעהט האט זי זיך אזוי שטארק; „ער האט מיך ליעב;" ער בעט מיך ! ער האט מיך ליעב, אבער אין גאנצען ווייזען איהם איהר פרייד האט זי ניט געוואלט... זי האט זעהר געוואלט באגייען איהרע קיימען...

— וועסט „קענען" ? און וועסטו וועלען ? — האט ער גע־פרעגט און אזוי טיעף אריינגעקוקט אין איהרע אויגען אז פרי־דא האט זיך פארשעהמט פאר איהר פראקטישקייט, עס איז איהר געווארען ווארעמער ארום הארץ, און די אויערען האבען געגומען זילבער גליקליך קלינגען און יענע קאלטקייט וואס זי האט פריי־

הער אויף זיך ארויפגעצויגען איז ווי צושמאלצען געווארען, פון איהרע אויגען האבען זיך געדיכטע טרערען געגאסען אויף זיין אפגעצעהרטער האנט און איהרע טרוקענע ליפען האבען פיבעריש געקושט זיינע.

ער איז געווען צופרידען. דורך דעם פענסטער האט זיך ארייג־געזעהן א נייע האלב לבנה און דער הינטערגרונד פון דעם קלארען בלויען הימעל האט זייביידען געבראכט פרידען. און אלץ דאנק פאר אלץ האבען זיינע שוואכע פינגער געפרובט דריקען איהרע.

ע נ ד ע.